# התנצלות

היינט, אין יאָרן ווען אַלץ מיט אנאנדער שטייט אין סכנה חרוב צו ווערן, אראָפּגעשווענקט צו ווערן דורך מאכט פון רשעות, וואָס איז געקומען אויף דער וועלט; היינט, ווי אַלעמאָל אין אַזוינע פאַלן דארפן יידן נעמען זיך פארטראכטן וועגן תכלית. און זאָל קיינער ניט זאָגן: מען דאַרף זאָרגן פארן גוף, מען דאַרף מציל זיין לעבעדיקע נפשות, ניט קיין צייט איצט צו טראכטן וועגן רוחניות, ווען דער גוף שטייט אין סכנה. — פון אייביק אָן פלעגן יידן אין א סכנה קודם כל זען צו ראטעווען זייערע תורות. און אָנגעהויבן דעם וועג האָט רבי יוחנן בן זכאי אויך אין א מאָמענט ווען דער חורבן האָט שוין געהאלטן ביים פארענדיקן חרוב צו מאכן דאָס מיט וואָס יידן האָבן געלעבט הונדערטער יאָרן. זאָלן די עטלעכע ווערטער זיין א פאַרענטפערונג פאר די וואָס האָבן זיך געלאָזט איינריידן און זיי גלויבן באמת, אַז מען קאָן כלומרשט ראטעווען דאָס פאָלק ניט ראטעווענדיק זיין גייסט, זיין קולטור, זיין תורה; אז מען קאָן כלומרשט ראטעווען דעם גוף, ניט ראטעווענדיק די נשמה.

# תורה און לעבן ביי אידן

ביי קיין פאָלק אין דער וועלט האָט ליטעראטור ניט אזא באַדייטונג און אזא לעבנס אויפגאַבע ווי ביי אונדז, יידן. ביי אַלעמען איז ליטעראטור — קונסט און קונסט איז דאָס "וואָס מיר פארווײלן זיך דערמיט" (שילער). ביי יידן זיינען ניט געווען קיין ביכער נאָר "ספרים", הייליקייטן. און צוזאמען ווערן די ספרים — א תורה. און מיט א תורה פארווײלט מען זיך ניט. מיט א תורה לעבט מען. יידן האָבן טאקע פון אייביק אָן זיך געהאלטן, געלעבט מיט "תורות". איז געוואקסן דאָס לעבן, איז געוואקסן אויך דעם פאָלקס תורה און זיך אנטוויקלט. ווייל תורה איז תמיד געווען ביי יידן א סך־הכל פון לעבן און א לערנונג ווי ווייטער צו לעבן. האָט אויפגעהערט צו וואקסן ערגעץ ביי א שבט די יידישע תורה, איז אויך דער שבט אָפּגעשטאָרבן. איז טאקע ביי יידן די יידישע ליטעראטור, די תורה — "במקום לאנד", במקום מלוכה, במקום דינאסטיעס און במקום אַלע אטריבוטן פון מדינה. אָט דער געדאנק איז ניט איינמאָל קלאָר פאָרמולירט נאָך אין תלמוד. "די רייד פון דער תורה זיינען געגליכן צו געוויקסן: אזוי ווי די לעצטע שפּראָצן און מערן זיך, אזוי אויך די רייד פון דער תורה — זיי וואקסן און מערן זיך". "די רייד פון דער תורה זיינען געגעבן געווארן ווי ווייץ אויף צו מאָלן און צו באַקן פון דעם, ווי פלאַקס אויף צו שפּינען און צו וועבן פון דעם נייע געוועבן". דאָס גייסטיקע לעבן פון פאָלק באַשטייט אין אָט דעם לערנען די תורה און "טראכטן אין איר טאָג און נאכט" די תורה איז דער פּראָדוקט פון פאָלקס לעבן, פון פאָלקס טראכטן און לערנען, פון זיינע זיטן און פירונגען. תורה און לעבן, און לעבן און תורה זיינען ביי יידן צוויי זייטן פון איין מטבע. ביי קיין איין פאָלק אויף דער וועלט איז דאכט זיך ניטאָ אזא וויטאלע מאָניסטישקייט צווישן פאָלקס לעבן און ליטעראטור ווי ביי יידן. אזוי איז דאָס געווען ביז אהער און אזוי וועט

עס מן הסתם אויך מוזן שפעטער זיין. אַז אַ ליטעראַטור וועט ניט זיין קיין פאָלקס לעבן און אַז דאָס פאָלק וועט ניט לעבן קיין ספּעציפישן לעבן, — פון וואָס וועט ווייטער וואַקסן די תורה? אם אין תורה — אין לעבן, אם אין לעבן, אין תורה. און ווייטער — אַ תורה, אַ ליטעראַטור, וואָס מען לערנט איר ניט, — וואָס "ליגט אין אַ ווינקעלע" פאַרוואָרפן, — איז ניט קיין תורה, ווייל זי איז ניט פאַרבונדן מיטן לעבן, זי ווירקט ניט אויפן לעבן, זי שאַפט ניט אין לעבן, איז זי טויט, אַ בר־מינן פון אַ תורה. אַ הייליקער, באַלזאַמירטער גוף איז אַ געץ אפילו אויב עס איז אַ גוף פון אַ הייליקער, באַלזאַמירטער גוף איז אַ געץ אפילו אויב עס איז אַ גוף פון אַ

בכן — תורה — ליטעראַטור — איז דעמאָלט אַ תורה, ווען מען לערנט זי, ווען "תינוקות של בית רבן" קינדער האָדעווען זיך אויף איר, ווען דורות דערציען זיך אויף איר. דער "תלמוד־תורה" — דאָס לערנען די תורה איז וויכטיקער פון דער תורה אַליין. די אגדה זאָגט: ירושלים איז ניט חרוב געוואָרן, נאָר מחמת קינדער האָבן אויפגעהערט צו לערנען תורה. און דאָ ליגט דער בעסטער היסטאָריאָזאָפישער אמת: קיין איין יידישער קיבוץ איז ניט אומגעקומען פון קלעפּ און רדיפות. דער חורבן פון יידישע קיבוצים איז תמיד געקומען ווען עס איז איבערגעריסן געוואָרן דער ענגער צוזאַמענבונד צווישן תורה און לעבן, צווישן דעם פאָלקס תורה און דעם לערנען פון פאָלקס קינדער. תורה אָן תלמוד תורה איז ווי אַ זאַק גאָלד ביי אַ וואַנדערער אין מדבר, וואָס שטאַרבט נאָך אַ טרונק וואַסער.

## די ערשטע זאַמלונג פון תורה (תורת משה)

אַלץ וואָס וואַקסט, ווערט צייטיק און עס קומט די צייט ווען מען דאַרף שניידן, זאַמלען אין די שייערן. און אַזוי אויך מיט דעם פאָלקס תורות. אַלעמאָל קומט דאָס פאָלק, זאַמלט צונויף זיינע אָנגעוואַקסענע תורות, קלייבט זיי אָן אין זיינע שאַצקאַמערן, קלייבט אָפּ, רעדאַקטירט און סיסטעמאַטיזירט. סיסטעמאַטיזירט און מאַכט זיי גאַנגבאַר אין די מוחות און הערצער פון פאָלק, אין טאָג־טעגלעכן לעבן פון פאָלק.

און ווען חלילה דאָס לעבן פון פאָלק וועט איבערגיין אויף נייע רעלסן, זאָלן די תורות פון אַלטן לעבן ניט גיין לאיבוד, זיי זאָלן קענען ווירקן אין נייעם לעבן. אין גלות בבל האָט זיך אויסגעבילדעט אַ גאַנצער פאַך פון "סופרים" וואָס האָבן פלייסיק געזאַמלט תורות פון פריערדיקע ספרים און פון פאָלקס מויל און זיי פיקסירט, רעדאַקטירט. די ביבל־קריטיק ווייס אָנ־צוווייזן אויף פאַרשיידענעם אָפּשטאַם פון תורות, אפילו איבערגענומענע פון פרעמדע פעלקער. זיכער אָבער אַז אָט די פרעמדע קוואַלן זיינען פריער איבערגעשאַפן אין יידישן פאָלקס גייסט דורך דעם פאָלק גופא — ערשט פון דאַנען זיינען זיי געקומען אין דער יידישער תורה. דער פאַרשיידענער אָפּשטאַם ווערט קענטיק ערשט פאַר דעם טיפערן פאָרשער. דער אַלגעמיינער

גייסט איז אן איינהייטלעכער. דאָס איז דער אויפטו פון די ספרים־זאמלער און פון דעם גרעסטן צווישן זיי — עזרא הסופר. אייגנטלעך האָט ער דאָס צוזאמענגעשטעלט, רעדאקטירט די פינף חומשים ווי מיר האָבן זיי היינט און זיי ״געגעבן״, אריינגעפירט אין פאָלקס לעבן אריין. פון אלע ספרים וואָס זיינען געווען פאר אים און פון אלע מינדלעכע פאָלקס תורות האָט ער דאָס אויסגערעדאקטירט אָט די ״תורה משה״ וואָס מיר האָבן איצט. נאָך דער תלמוד פאַגלייכט דעם אויפטו פון עזרה צו משהס. משה האָט געשאפן דאָס פאָלק. עזרא האָט געשאפן זיין תורה. ״עזרא איז ווערט געווען״, זאָגט עס די גמרא מיט איר סימבאָלישקייט, — ״די תורה זאָל געגעבן ווערן דורך אים, ווען משה וואָלט ניט פריער געווען״. פון די צוויי איינציטיקע טוער, עזרא און נחמיה, איז געווים דער צווייטער געווען דער גרעסטער, דער פּאָ־ליטיקער, דער אָרגאניזאטאָר, דער פארעקשנטער בויער און דער ווייט זעיקער שעפער פון יידישן ישוב אין ארץ־ישראל און דאָך שטעלט די יידישע טראַ־דיציע עזראן העכער. ער ווערט דערמאָנט אין תפילות (״עזרא הסופר אמר לפניך״) נחמיה — ניט. און דאָס בוך פון נחמיהס פראַכטיקע מעמוארן, די שיינע הארציק פשוטע דערציילונגען פון דעם שטאָלענעם מאן ווערן צו־גערעכנט לויט דער טראדיציע ווי א הוספה בלויז צו דעם בוך פון עזרא, וואָס איז מער ווי האלב אפילו געשריבן ניט אין העברעיש. נחמיה האָט אויפגעבויט דאָס לאַנד; עזרא — די תורה. דאָס לאַנד איז חרוב געוואָרן, די תורה, — ניט. דאָס לאַנד האָט דאָס פאָלק ניט איינגעהאלטן, די תורה — יאָ. איז די תורה וויכטיקער פון לאַנד; איז עזרא וויכטיקער פון נחמיהן. אזוי האָט אָפּגעשאצט די טראדיציע, אזוי האָט געפסקנט די געשיכטע.

## די צווייטע זאמלונג (נ״ך)

שפּעטער האָט זיך אין משך פון היפשע דורות צונויפגעזאמלט די זאמלונג ספרים פון נביאים און כתובים. דאָ איז די ענדגילטיקע רעדאק־ציע ניט פארבונדן אין זכרון פון פאָלק מיט איין באשטימטער פערזאָן. עס איז א קאָלעקטיווע שאפונג פון א פּאָר דורות פון די ״אנשי כנסת הגדולה״. דאָ זיינען אונדז געבליבן א סך סימנים פון דעם גרויסן קאמף, וואָס עס האָט זיך געפירט ווענן די פרינציפּן פון רעדאקציע. די גריכישע איבערזע־צונג פון יענער צייט, די סעפּטואגינטע, האָט אן אנדער אויסוואל. עס ווערן אין תלמוד דערמאָנט ״ספר של צדוקים״, ״ספר שכתבו מינן״. עס ווערן אין תנ״ך גופא דערמאָנט ספרים, וואָס זיינען געווען זייער גאנגבאר אין פאָלק (דער תנ״ך שיקט אָפּ: ״דאָס און דאָס איז דאָך פארשריבן דאָרטן״ און דעריבער דאַרף מען דאָ עס ניט איבערחזרן). אזוינע זיינען, למשל, דער ״ספר הישר״, ״ספר מלחמות ד׳״, ״דברי הימים למלכי ישראל״, ״דברי הימים למלכי יהודה״ א״א! די האָבן זיך אינגאנצן ניט איינגעהיט. א חוץ זיי קומען די אַפּאָקריפן, די פסידאָ אַפּאָקריפן — גאנצע זאמלונגען, וואָס האָבן זיך איינגעהיט אין דער גריכישער איבערזעצונג. קענטיק, אז ביי אונדז איז געבליבן א קליינער טייל פון דער דעמאָלט גאנגבארער ליטעראטור. און דאָס איז געטאָן געוואָרן ניט מחמת אָפּגעלאָזנקייט. דאָס איז, פארקערט, געווען א רעזולטאט פון א גרויסן פרינציפּיעלן קאמף, — און דער תלמוד

פּסקנט: "כל המכנים יותר מכ"ד ספרים, מהומה הוא מכנים לתוך ביתו"
(דער וואָס נעמט אריין מער ווי די קאַנאָניזירטע פיר און צוואַנציק ספרים,
דער טראָגט אריין צו זיך אין שטוב א מהומה). וואָס קאָנקרעט זיי האָבן
דאָ געמיינט מיטן וואָרט "מהומה" איז מיר אומקלאָר. דער פּרינציפּ אָבער
איז קלאָר.

דאָס איז געווען דער צווייטער גאָרן פון יידישער תורה, אָנגעבויט
אין און פון יידישן לעבן.

עס איז פאר אונדז זייער אינטערעסאנט קלאָר צו מאכן ווי ווייט
מעגלעך די פּרינציפּן פון יענעם אָפּקלייב. מיר דוכט זיך אז איך וועל זיין
נאָענט צום אמת אויב איך וועט דאָ אָנמערקן אָט די וויטערדיקע פּרינציפּן:

א) ניט מיליטאַריזם. אַלע ערטער, אַלע ספרים ווו עס איז שטארק
באַזונגען דער מיליטאַריסטישער גייסט, זיינען באַזייטיקט געוואָרן. אַז אויס־
נאַם — דוד המלך און נאָך עטלעכע שטעלן, וואָס זיינען קענטיק צו שטארק
געווען איינגעפּעסטיקט אין פאָלק, אז די רעדאקטאָרן האָבן אויף דעם ניט
געוואגט זיך צו פאַרמעסטן. זיי האָבן שפּעטער געפונען וועגן ווי צו "נייט־
ראַליזירן" אָט דעם מיליטאַריסטישן גייסט אויף אנדערע וועגן: ניט אויס־
שליסן, נאָר "אריינלערנען", אריינטייטשן א צווייטן גייסט אין די זעלביקע
ווערטער. איז דוד המלך געבליבן, — אָבער ער איז געוואָרן גאָר אַן אנדער
— דוד מלך ישראל חי וקים.

ב) ניט דינאַסטיע (ווידער אַז אויסנאַם די בית־דוד). די חשמונאים
דינאַסטיע איז דורך דער טראַדיציע לגמרי ניט געשווינט געוואָרן. אין ערגעץ
ניט דערמאָנט די נעמען זייערע אויסער דעם אלטן מתתיהו, אפילו ניט דעם
נאָמען פון גרעסטן העלד, יהודה המכבי. אויסגעשלאָסן פון דעם קאַנאָן
הייליקע ספרים די ביכער, ווו עס באַשרייבט זיך די גבורה זייערע ווי עס
וואָלט געווען א באַוווּסטזיניקער פאַרלאַנג צו פאַרגעסן זיי אינגאַנצן.

ג) ניט קיין אינדיווידועלע ליטעראַטור פון א יחיד, אויף וויפל מען
קאָן זי ניט צונויפבינדן מיט דער פאָקסטימלעכער טראַדיציע. האָט עס קהלת
און איובן אָפּגעגליקט און בן סירהן ניט (פאַר דער נטיה צו די צדוקים).

ד) פאָלקסטימלעכקייט און אָנגענומענקייט ביים פאָלק האָט, דאכט
זיך, געשפּילט א דעציידירנדיקע ראָל ביים אָפּקלייבן ספרים פון תנ"ד. דער
מחבר, זיין פּערזענלעכקייט, זיין אידענטישקייט אפילו די אידענטישקייט
פון די שריפטן גופא האָבן ניט געשפּילט קיין ראָל. פיל וויכטיקער איז גע־
ווען צו קענען "פאַרעלטערן" דאָס ווערק, פאָרשטעלן עס ווי א פאַרצייטיקס,
וואָס לעבט לאַנג אין געברויך פון פאָלק. *)

אזוי אַרום קען מען זאָגן אז די רעדאַקציע־פּרינציפּן זיינען געווען

---

*) די זעלביקע פּרינציפּן האָבן שפּעטער אויך געווירקט און אָפּגע־
קליבן פון דעם קאַנאָניזירטן תנ"ד ספרים, וואָס זיינען באַליבטער און גאַנג־
באַרער אין פאָלק איידער אנדערע: אליהו הנביא (פּערזאָן, ניט ספר),
ירמיהו, תהילים, איוב, שיר־השירים, זיינען געווען די באַליבטע ספרים פאַרן
טראַדיציאָנעלן יידן.

אידעישע — די פּרינציפּן פון דער פּרושישער יידישקייט. בלויז אַט די יידישקייט איז געווען לעבנס־פעיק. און די זעלביקע פּרינציפּן האָבן אויך איינגעהיט דעם פאלקס תנ"ך — דאָס זיינען די פּרינציפּן פון פאָלקס לעבן גייסטיק, מאָראַליש און קולטורעל פאר זיך, אפילו ווען טעריטאָריעל, סאָציאל און עקאָנאָמיש — ניט זעלבסטשטענדיק.

## דריטע זאמלונג — דער קאנאָן פון שטייגער (הלכה)

איינצייטיק מיטן רעדאקטירן דעם תנ"ך האָט נאָך עזרא גענומען פעסטשטעלן א ספּעציפישן, אָפּגעזונדערטן יידישן לעבנס שטייגער, יום־טובים, מאכלים, זיטן, געוווינהייטן אין טאָג־טעגלעכן לעבן. נאָרמירן, פאריינהייטלעכן און פעסטשטעלן, כדי דערמיט זאָל זיך דער באוואוסטזיניקער ייד ("חבר") אונטערשיידן, און אָפּשיידן פון די איבעריקע "איינוווינער פון לאנד" (עם הארץ). די אנשי כנסת הגדולה און די ווייטעריקע דורות טראַדיציאָנעלע יידן האָבן אָט אויף דעם "קאנאן פון שטייגער" אָפּגעגעבן א סך מער ענערגיע איידער אויף דעם קאנאָן פון ליטעראטור. אָבער דאָ מוזן מיר איבעררייסן דעם געשיכטלעכן איבערבליק און קלאָר מאכן וואָס אזוינס הייסט "קאנאָן פון שטייגער", וואָס האָט ביי יידן געשפּילט אזא גרויסע ראָל.

אין תוך גענומען האָט יעטווידער פאָלק א מין "שולחן ערוך", אזא נאציאָנאלן, פאָרמירטן שטייגער. אָט, למשל, וואָלט מען געקאנט דאָך לייענען אזא מין "דין". ונוהגים — מען פירט זיך אין ווינטער אָנצוטאָן זיך אין ווארימע הויזן און אין אָוונט צו גיין שפּאצירן, שקוראין, וואָס מען רופט עס "טרעמפּ", און ווען מען קומט צוריק עסט מען ווארעמע וואורשטלעך מיט לענגלעכע בולקעלעך און מען רופט זיי "הייסע הינט". צו פאַרטרינקען נעמט מען "קאלטע סאָדע וואסערן". וויפל מיליאָנען מענטשן פאָלגן אויס אָט דעם "דין" און ווי ווייניק "אפּיקורסים" עס טרעטן ארויס קעגן אים. און וויפל אזוינע "דינים" פארמאָגט דאָס לעבן פון יעטווידער איינגעשטעלטן פאָלק? "פּונקט צוועלף ביי טאָג זאָלט איר אָפּשטעלן אייער גאנצע ארבעט ,וואָס איר טוט און לויפן אהיים עסן מיטאָג — איר און אייערע ארבעטער, דער וואָס האָט און וואָס ער האָט ניט". מיר דאכט זיך, אז ווען מען וואָלט פארשריבן אָט די אלע דינים און מנהגים פון יעטווידער פאָלק וואָלט זיך געקענט צוזאמענקלייבן א גרויסער "קאנאָן" וואָס נאָרמירט דאָס גאנצע לעבן, דאָס עסן און טרינקען, די דירה און מעבל, די בגדים, די ארבעט און פארוויילונג, די באציאונגען צווישן מענטש און מענטש, מאן און ווייב און קינדער. מיט איין ווארט — יעטווידער פאָלק האָט זיך זיין שטייגער לעבן, זיינע נאָרמעס פון גאנג אין לעבן — זיינע "הלכות". מער ניט וואָס ביי יידן האָבן נאָך די אנשי כנסת הגדולה דערזען אין אָט דעם "וואָכעדיקן" גאנג א באזים איינצוהאלטן דעם נאציאָנאלן קיום, אויף וויפל דאָס איזאָלירט און שיידט אָפּ יידן פון אנדערע פעלקער. זיי און די שפּעטערדיקע טראַדיציע זיינען ניט געווען קיין גרויסע גלויבער אין דער פּאָליטישער זעלבסטשטענדיקייט, האָבן זיי מיט א באזונדערער התמדה גענומען זאמ־

לען, אוניפיצירן, אָפּקלייבן און פעסטשטעלן די פאָלקס מנהגים, די "הלכה" און צוזאמען מיט דער פאָלקסטימלעכער מינדלעכער ליטעראטור איז דאָס דער תוך, דער אינהאלט פון יידישער תורה — די תורה שבעל פה באשטייט דאָך פון דער הלכה און אגדה. און אין משך פון די אלע דורות האָט זיך געפירט, אז די "הלכה" פלעגט ביים פאָלק אזוי פארהייליקט ווערן ביז זי פלעגט ווערן די רעליגיע.

אָט דאָס איז דער גענעזיס פון דער יידישער רעליגיע, פון אלע אירע אנשיכטונגען און פאָרמאציעס — דער נאציאָנאלער לעבן שטייגער מיט דער אידעע אָפּצוזונדערן דאָס פאָלק פון אנדערע פעלקער אויפן באזיס פון זיין ספּעציפישער שטייגער־טראדיציע. ווי א מאָמענט פון דער צווייטער מדרגה איז געווען דאָס שטרעבן צונויפצובינדן תמיד אָט דעם שטייגער מיט דער פארשריבענער תורה. דער עיקר איז אָבער געווען די אוניפיקאציע און קאָנאָניזאציע פון דעם נאציאָנאלן שטייגער. הכלל — רעליגיע ווי א פּראָדוקט פון פאָלקס לעבן. נאָך מערער רעליגיע — דאָס קאָנאָניזירטע פאָלקס לעבן. אין דעם איז געווען דער זינען פון דעם היסטאָרישן קאמף צווישן די צדוקים מיט די פּרושים. די ערשטע האָבן געשטרעבט צו א נאציאָנאלן דואליזם, צו א "סינטעז" (ווי מען פריידיקט עס איצט) פון יידישער פיקסירטער אָרטאָדאָקסאָלער פרומקייט אין רעליגיע און פון איבערגענומענעם פרעמדן קולטור־שטייגער אין לעבן. די פּרושים האָבן פון דעם סעפּאראטן אייגנארטיקן יידישן שטייגער געמאכט די רעליגיע כדי צו זיין פּרושים, אָפּגעשיידטע, אָפּגעזונדערטע ("איזאָלאציע", ווי מען רופט עס היינט). די פּרושים האָבן געזוכט מיט תורה ארומצוצאמען דאָס יידנטום, די צדוקים האָבן אָפּגעצאמט די תורה פון יידישן לעבן. די צדוקים זיינען אונטערגעגאנגען (דורך שטייגער - אסימילאציע) און אלע היינטיקע יידן שטאמען פון די פּרושים און פון זייער מאָניסטישער שטייגערישער צו רעליגיע געוואָרענער מאָניסטישקייט. אָט דער מאָניסטישער מקור פון לעבן און רעליגיע שיידט אָפּ די יידן פון אלע אנדערע אייראָפּעישע פעלקער, ווייל ביי זיי אלעמען זיינען רעליגיע און לעבן לויט זייער אָפּשטאם דואליסטיש, און אויך לויט פיר אין לעבן: שטייגער באזונדער און רעליגיע באזונדער. דאָס איז געווען אן אייגנארטיקע אנטפלעקונג. דעמאָלט ווען די פּאָליטישע און סאָציאלע, עקאָנאָמישע און מלוכישע זעלבסטשטענדיקייט איז געפאלן, איז שוין געווען פון פריער דורך די פּרושים צוגעגרייט א נייע, א ספּעציפישע זעלבסטשטענדיקייט פון שטייגער לעבן. און אין דעם איז געלעגן דער כח אויפצוהאלטן דעם קיום פון פאָלק. איז דאָס געווען א אוניקום־ריכטונג אין דער וועלטגעשיכטע און עס איז געווען אין דעם א כח צו פארוואנדלען דאָס פאָלק אין א אוניקום־פאָלק אויף דער וועלט. עס האָט אין דעם געוויס באַדארפט שטעקן א גרויסע פארליבטקייט אין פאָלק און אין זיין גייסט, א גלויבן אין דעם, מען זאָל פון דעם מאכן דעם גאנצן מהות פון יידישקייט וואָס איז געוואָרן דער יידישער גלויבן.

דאָס ניט באגרייפן אָט די אנדערשקייט, דאָס מעסטן די פארהעלטענישן פון יידישן לעבן מיט מאָסן פון אנדערע פעלקער האָט אונדז געבראכט

פֿיל שאָדן, איבערהויפּט בײַם פּראָצעס פֿון פֿאַרוועלטלעכונג אין אונדזער לעבן. סוביעקטיוו איז עס געווען אַ קאַמף קעגן אויטאָריטעט פֿון רעליגיע, אָביעקטיוו געשיכטלעך איז דאָ באַקעמפֿט געוואָרן — די ספּעציפֿישע ייִדישע שטייגערישקייט, בעת אָבער דער סאָציאַל - נעגאַטיווער מאָמענט פֿון באַהערשן די מאַסן מיטן כח פֿון אַ דאָגמע איז פֿאָרט געבליבן, געוואָרן נאָך שטאַרקער. אַזוינע "כשרע" לאָזונגען האָבן כמעט אַלע "טריפֿע" באַוועגונגען.

ווי אין דער פּסיכאָלאָגיע פֿון אינדיווידן אַזוי איז עס אויך אין דער פּסיכאָלאָגיע פֿון קאָלעקטיוון: מיר טראַכטן אויס פֿאַר אונדזער געוויסן שיינע פּרינציפּן, שיינע אידייעס און לאָזונגען כדי מיט זיי צו פֿאַרדעקן די גאָר ניט קיין שיינע אָביעקטיוו-געשיכטלעכע טריפֿע ריכטונגען וואָס פֿירן צום אומקום. קען זײַן אַז אין פּראָצעס פֿון פֿאַרוועלטלעכונג האָבן מיר פֿאַרלאָרן עפּעס מער און עפּעס גאָר אַנדערש ווי דאָס וואָס וועלטלעכקייט אין תוך דאַרף באַקעמפֿן. אָבער דאָס איז אַ צווייטע פּראָבלעם. דאָ איז וויכטיק אונטערצושטרײַכן נאָך אַמאָל, אַז די טראַדיציאָנעלע ייִדישקייט האָט אָפּגעהיט די שטייגערישקייט און געזען אין איר תמיד די פּראַקטישע זײַט פֿון דער תורה. — דער אָפּקלײַב פֿון די נאָרמעס, זייער סיסטעמאַטיזירונג, דאָס פֿאַרבינדן זיי מיט דער תורה — אָט דאָס האָט געהייסן לערנען הלכה, פּסקענען הלכות. דאָס איז געווען כמעט גאָר דער אינהאַלט פֿון לערנען בײַ די פּרושים. און אַז עס האָבן זיך אָנגעקליבן אַ סך מאַטעריאַלן פֿון דעם מין, האָט מען זיי גענומען פֿאַרשרײַבן מיטן נאָמען "משנה" — די צווייטע תורה. ווי באַקאַנט האָט רבי, צום סוף פֿון צווייטן י"ה, געשאַפֿן זײַן קאָדעקס פֿון משנה, וווּ ער האָט סיסטעמאַטיזירט לויטן אינהאַלט אַלע משנות אין זעקס "סדרים" (פֿון דאַנען ש"ס). אויך רבי האָט שטרענג געקליבן און אָפּגעקליבן וואָס עס דאַרף און וואָס עס דאַרף ניט אַרײַן אין דעם קאַנאָן פֿון פֿאָלק, אין דער — תורה. די אַמאָליקע מחלוקת אַרום פּרינציפּ פֿון פּאָליטישער אָדער קולטורעלער זעלבסטשטענדיקייט איז ניט געבליבן איצט מער. אַלע די קריזן, וואָס האָבן אַמאָל געוואָלט זען דעם יסוד פֿון ייִדישקייט אין פּאָליטישער זעלבסטשטענדיקייט, — אַלע די זײַנען אונטערגעגאַנגען ווער אין לעצטן קאַמף פֿון בר־כוכבא, ווער אין אַסימילאַציע. אָבער אין ייִדישן לעבן זײַנען זיי ניט געבליבן. דערפֿאַר איז אויך אין משנה דער פּאָליטישער פּרינציפּ לגמרי ניט קענטיק. פֿון די נײַע פּרינציפּן איז צו זען, אַז די הלכה — לעבנשטייגער איז דאָ געשטעלט געוואָרן אַ סך העכער פֿאַר דער אגדה (ליטעראַטור).

עס זײַנען אויסער דעם קאַנאָן פֿון דער משנה פֿאַרבליבן אַ סך ספֿרים. פֿון אָט די לעצטע זײַנען אַ טייל דאָך געבליבן בײַם פֿאָלק (ברייתא, תוספתא, ספֿרי, ספֿרא מכילתא און עטלעכע מסיכתות, למשל, אבות דרב נתן). זיכער אַז אַ סך זײַנען פֿאַרלאָרן געגאַנגען לגמרי. איבערהויפּט ווען אָט די "אַפּאָקריפֿישע" מסכתות האָבן ניט געהאַט דעם מזל פֿון די תנ"כישע אַפּאָקריפֿן אָפּגעהיט צו ווערן אין די קריסטלעכע קלויסטער־ביבליאָטעקן. ייִדן, ווי באַקאַנט, האָבן ניט געהאַלטן פֿאַר נייטיק צו היטן ספֿרים, וואָס מען דאַרף ניט נוצן אין טאָג - טעגלעכן לעבן. ביאַליק נעמט אָן אַז עס זײַנען געווען

מסכתות אויף טעמעס פון באטאניק, אסטראנאמיע, מעדיצין און מאטעמאטיק. איך ווייס ניט אויף וואסער סמך ער מאכט די באהויפטונג, אבער עס לאזט זיך זייער לייכט גלויבן אין דעם. ניט אויפגעהאלטן האט מען זיי אויס דעם פרינציפ, זיכער, אז אלץ וואס האט ניט קיין דירעקטן ווערט פארן נאציאנאלן קיום, לוינט ניט אפצוהיטן און לעבן אריין. אויב א פאלק מוז לעבן מיט זיין תורה, מוז די תורה אטעמען מיטן פאלקס לעבן.

פון די נייע ליטעראטור עלעמענטן אין משנה דארף מען אנמערקן דא דעם אפאריזם. אין דער טראדיציע האט ער קיין ספעציפישן נאמען ניט, ער איז א טייל פון דער אגדה. לויט זיין מהות אבער איז עס א לאקאניש געזאגטער נאציאנאל־פילאזאפישער געדאנק, וואס לאזט גענוג מעגלעכקייטן פאר דעם הערער אריינצוטראגן אין אים אלץ נייע און נייע אייטייטשונגען. בכלל האט די יידישע טראדיציע תמיד פיינט געהאט דאס פאסיוו איבערנעמען פון פארטיקע, אויסגעפורעמטע תורות. זי האט געזוכט תמיד אזוי צו פארמולירן אירע תורות, אז דער לערנער זאל זיך תמיד זען ווי אן אקטיווער שותף פון דעם געלערנטן שטאף.

די רעדאקציע פון משנה האט אינגאנצן איגנארירט די גאנצקייט פון די מחברים. עס זיינען אין משנה לגמרי ניטא קיין זאמלונגען פון דעמס אדער יענעמס ווערק. די משנה איז צוזאמענגעשטעלט לויט טעמעס און ביי יעדער טעמע זיינען געבראכט אין א קורצער, לאקאנישער פארמע די מיינונגען פון די מחברים. אזוינע מחברים ווי רבי עקיבא און רבי מאיר, וואס זיינען געווען אזוי פרוכטבאר אויפן געביט פון הלכה און פון אגדה, זיינען ניט קאנצענטרירט אין באשטימטע טיילן פון משנה. נאך מער, עס זיינען אין זייער צייט געווען פאפולער "משנת רבי עקיבא", "משנת רבי מאיר". אין קאנאן פון משנה זיינען ניט אריין קיינע אזוינע ווערק. בלויז זייערע מיינונגען זיינען געבראכט ביי די פאסיקע געלעגנהייטן. ווייל די גאנצע משנה איז דאך רעדאקטירט לויט טעמעס בלויז אן א באציונג צו די מחברים. לויט אונדזערע היינטיקע באגריפן, וואלט אזא באציונג צו מחברים געווען אינגאנצן אוממעגלעך. קענטיק, אז ביי זיי איז לגמרי ניט געווען קיין באציונג צו ליטעראטור ווי צו אזא. דער עיקר האט קאנצענטרירט זייער גאנצע אויפמערקזאמקייט די נארמאטיווע זייט פון שטייגער און פראבלעמען פון פאלקס קיום. זיי האבן מיט רעכט געהאלטן פון "לערנען" די תורה ("לערנען" הייסט ביי יידן פראדוצירן אידעעס און זיי פארמען). זיי זאגן "תלמוד תורה כנגד כלם" האבן זיי פיקסירט, קאנאניזירט אט דאס לערנען. אויף היינטיקן לשון וואלט מען עס געזאגט די "פראטאקאלן פון לערנען". ניט אומזיסט איז דאך די משנה געשאפן געווארן אין ישיבות, אין אקאדעמיעס. דאך אבער איז דא דאס נארמאטיווע געווען דער ציל, דער עיקר. ניט אביעקטיווע וויסנשאפטלעכקייט צו באפרידיקן וויסנגיריקייט, נאר די נארמירונג פון פאלקס לעבן. ווי א סובארדינירטער עלעמענט איז דא אויסגעוואקסן די טעארעטישע מעטאדיק פון לערנען און אויך די דידאקטיק, ("מידות שהתורה נדרשת בהן"). ווידער אין גרונט אנדערש ווי ביי די גריכן פון דעמאלט. ביי די גריכן איז וויסנשאפט געווען א

קונסט, אין אינטערעסאנטער צייט פארטרייב פאר מענטשן פון גרויסן גייסט. די יידן האָבן געציטערט ממש איבערן לערנען ווייל דאָ, אין דעם אייגנאַרטיקן, ספּעציפישן לערנען האָבן זיי געזען דעם איינציקן יסוד פון גאַנצן פאָלקס קיום. דעריבער האָבן אויך די יידישע ישיבות־אַקאַדעמיעס געטראָגן גאָר אַן אַנדער כאַראַקטער איידער די גריכישע.

אָט אַזוי איז אויסגעוואַקסן אין לעבן פון יידישן פאָלק, מיט דער אידעע אויפצוהאַלטן דאָס ספּעציפישע פאָלקס לעבן, דער צווייטער "גאַנג", די צווייטע סעריע פון פאָלקס תורה — די משנה. און זאָל דאָס נאָכאַמאָל אונטערשטראָכן ווערן: ניט דער תלמוד האָט אויסגעפורעמט דאָס ספּעציפיש־יידיש לעבן, נאָר פונקט פאַרקערט — דער באַוואוסטזיניקער נאַציאָנאַלער פאַרלאַנג האָט פון פאַקטישן לעבן געשאַפן דעם תלמוד.

## פערטע זאַמלונג (גמרא)

מיט דער פאַרפּיקסירונג פון דער משנה האָט דער פאַרלאַנג אָפּצוגרעניצן זיך ווי א באַזונדער פאָלק אין איינציק מעגלעכן געביט — אין שטייגער לעבן, זיך ניט סטאַביליזירט נאָך. די געאָגראַפישע אויסשפּרייטונג פון יידן איז געגאַנגען אַלץ ווייטער. סביבות און שפּראַכן האָבן זיך געביטן. דער אינסטינקטיווער דראַנג און אויך די באַוואוסטזיניקע שטרעבונג צו א זעלבסטשטענדיקן קיום פון פאָלק פאַר זיך האָבן געפירט ווייטער און ווייטער צו דער אוניפיקאַציע פון שטייגער לעבן (הלכה), צו דער קאַנאָניזירונג פון דער פון דאָס ניי אָנגעוואַקסענער פאָלקס ליטעראַטור (אגדה). דאָס אַלץ האָט פעסט געדאַרפט אָנבינדן אָן דער טראַדיציע פון די פריער פיקסירטע תורות (מקרא און משנה). אָט די דרייפאַכע אַרבעט האָט געטראָגן דעם נאָמען "לערנען" וואָס איז לויט זיין לאָגישן אינהאַלט לגמרי ניט דאָס וואָס דאָס זעלביקע וואָרט "לערנען" האָט געהאַט אין זין און האָט איצט ביי אַנדערע פעלקער. דער דריטער פונקט, דאָס אָנקויפן די אַקטועלע לעבנסנאָרמען אָן די פיקסירטע תורות, האָט געהייסן "דרש" ("התורה נדרשת"). אָט די גאַנצע טעטיקייט איז געווען צונויפגעבונדן מיטן לעבן ניט אָפּצוטיילן, און מהאי טעמא האָבן זיך די ווייטערדיקע אנשיכטונגען פון תורה געשאַפן אין שפּראַך פון פאָלקס לעבן, אין דעם דעמאָלסטדיקן "יידיש" — אין אַראַמיש, כאָטש קיינער וועט ניט זיין אַזוי נאַריש חושד צו זיין די בעלי־התלמוד אין אַנטי־העברעיזם *). אמת, שפּעטער האָבן דאָס די קאַראימער

---

*) דער אַראַמישער יידיש אין תלמוד דערקלערט זיך מיט דער גרויסער ליבע און אַכטונג צום פאָלק, און זיי האָבן געבראַכט צו פאַרהייליקן אויך די זיטן און שפּראַך פון פאָלק. אָט דער קאָמפּלעקס געפילן האָט שפּעטער באַקומען דעם נאָמען "אהבת ישראל" און ער האָט עס געבראַכט אַזוינע "יידישיסטן" ווי ר' נחמן בראַצלאַווער, ר' לוי יצחק, דעם ליאַכאָוויטשער און אַנדערע צו דאַוונען אפילו אין יידיש. פון דאַנען אויך די יידישע פאָלקס לידער און אוקראַיניש, וכדומה. יעטווידער פּרינציפּ־יידישיזם, וואָס איז ניט געגנוג צונויפגעוואַקסן מיט אַזאַ "אהבת ישראל", איז ניט אָרגאַניש, און לעצטענד קאָן ער ניט פירן צו פאַרשטאַרקן יידישקייט.

געטאָן. זיי האָבן זיך אָנגענומען דעם כבוד פון העברעיש, זיי האָבן אויפגעווארפן די תלמודיסטן אז זיי פארנאכלעסיקן העברעיש. זיי האָבן דאָס געקענט: די תורה איז ביי זיי געווען סעפּארירט פון לעבן, א פארשריבענע תורה אין א הייליקן קאסטן. קען זי זיין אויף וואָסער שפּראך מען וויל.

אָט אזוי האָט זיך געשאפן דער גראנדיעזער תלמוד, וואָס איז רעדאקטירט געוואָרן צום סוף פון פינפטן יאָרהונדערט. א נייער גאָרן אויף דער געביידע.

## וויטערדיקע זאמלונגען

און דאָס "תורהדיק לעבן" איז געגאנגען ווייטער. ווי וויכטיק עס איז ניט געווען ביי יענע יידן אין די אויגן דאָס טעאָרעטישע לערנען, האָט מען דאָך ווייטער ניט געפונען פאר דרינגענד נייטיק צו קאנאָניזירן באַשטימטע טעקסטן און נוסחאות. די רעדאקטיר־טעטיקייט האָט זיך פון דאנען און ווייטער באגרעניצט מיט דער אוניפיקאציע און קאנאָניזירונג פון די שטייגער נאָרמעס, פון דעם פראקטישן טאָג־טעגלעכן לעבן. פון דעמאָלט אָן זיינען א סך מאָל געשאפן געוואָרן קאנאָנען, אָדער קאָדעקסן פון אויפפיר, פון שטייגער לעבן, פון די "הלכות" ("הלכות גדולות" סוף 9טן י"ה), אוניפיקאציע פון די תפילות (סידור פון ר' עמרם גאון אא"וו). די תורות וואָס דארפן אוניפיצירן, פאריינהייטלעכן דאָס יידישע לעבן איבער דער גאנצער וועלט און אים אויסטיילן, אויסזונדערן און אָפּזונדערן פון אלע אנדערע פעלקער, וואָס צווישן זיי האָבן יידן געלעבט. יידן האָבן געלערנט טעאָרעטיש ניט ווייניקער ווי פארנומען זיך מיט פראקטיצירן מצוות. דאָך זיינען קאָלעקטיווע זאמלונגען פון דער תקופה נאָכן תלמוד און מדרשים באקאנט בלויז די תוספות. פארקערט אָבער, קאָדעקסן פון געזעצן וואָס האָבן צו רעגולירן דאָס לעבן זיינען געווען א סך: "הלכות" פון ר' יצחק אלפסי (דער אלפס 11טער י"ה), די "משנה תורה" פון רמב"ם (12טער י"ה), די "טורים", ר' יעקב בן אָשר אָדער פשוט דער "בעל הטורים" (13טער י"ה), דער "שולחן ערוך" פון ר' יוסף קארו ביז דעם "רבס שולחן ערוך" (פון ר' שניאור זלמן פון ליאדי), ביז צום "חיי אדם" (ר' אברהם דאנציג פון ווילנע). אויף אזא אופן האָט די זאָרג פארן קיום פון פאָלק געבראכט צו א כסדרדיקן זאָרגן פאר דער תורה. דער דראנג צו היטן יידנטום האָט געטריבן צו שאפן, פראָדוצירן, סיסטעמאטיזירן און קאנאָניזירן יידישקייט. יידנטום לעבט מיט יידישקייט; יידישקייט האַלט דאָס יידנטום. אלע אנדערע ריכטונגען, אלע פרוון און שטרעבונגען צו באזירן יידנטום ניט אויף יידישקייט האָבן געפירט צום אומקום פון יידנטום. אָן אייגענער אין פאָלק געשאפענער יידישקייט איז ניטאָ קיין יידנטום. אלע פרוון און פארלאנגען צו פארפיקסירן איינמאָל אויף אלעמאָל א יידישקייט און אָפּהיטן זי אין איר אומפארענדערלעכער הייליקייט און פיקסירטקייט, האָבן געבראכט צום אומקום פון יידנטום. יידישקייט קען און מוז זיין בלויז א שטראָם, וואָס וואקסט און שטראָמט מיטן לעבן, בויט דאָס לעבן או ווערט פון לעבן געבויט.

# ווו האַלטן מיר איצט

ווו האַלטן מיר איצט אויף דער וועלט? — איך מיין ניט דרויסנדיק אין די פּאָליטישע און סאָציאַל־עקאָנאָמישע פאַרהעלטענישן אונדזערע. די פּראָבלעמעס גייען דאָ אָן אַ זייט פון אונדזער טעמע. איך מיין ווי האַלטן מיר מיט זיך אַליין, מיט אונדזערע גייסטיקע קאָלעקטיוו־פּסיכאָלאָגישע איינגנשאַפטן, מיט אונדזער אינעוווייניקסטן אידעענגאַנג, שטרעבונגען און באַגערן און מיט אונדזער גאַנצן גייסטיקן "איך", וואָס פון אים שטאַמט אַרויס דער גאַנצער וועלט באַנעם און סאָציאַלע אַקטיוויקייט פון אונדזער פאָלק ביי היינטיקן טאָג. ווו האַלטן מיר מיט זיך אַליין?

צוויי וועגן, צוויי ריכטונגען גייען דורך דער יידישער געשיכטע: איין ריכטונג האַלט, אַז "ווו מיר זיינען זיינען מיר, אָבער יידן זיינען מיר".

מיר זיינען טיילן פון איין יידישן פאָלק, כאָטש צעזייט און צעשפּרייט צווישן פעלקער און לשונות און אָט די אָרגאַנישע צונויפגעבונדנקייט צווישן אַלע טיילן פון פאָלק איבער לענדער און צייטן — זי איז פּרימער, זי דיקטירט און פּאַסט צו זיך ווי ווייט מעגלעך די באַדינגונגען פון צייט און אָרט.

די צווייטע ריכטונג האַלט, פאַרקערט, ווו מיר זיינען—דאָס זיינען מיר.

מיר האָבן טאַקע אַ געמיינזאַמען אָפּשטאַם. אָבער מיר לעבן צווישן פעלקער און מיר מוזן זיין אָרגאַנישע טיילן פון אָט די פעלקער. קודם־כל זיינען מיר און דאַרפן זיין איינס מיט די באַלעבאַטים פון לאַנד, מיר מוזן זיין אין אַלץ ענלעך צו זיי כדי צו זיין גלייך מיט זיי. ווי יידן קומט אונדז גאָרנישט און כדי צו ווערן בירגער וואָס עס קומט זיי אַלץ, מוזן מיר די יידישקייט לאָזן ווי אַ פּריוואַטע זאַך, אינדערהיים, צווישן אייגענע בלויז. אונדזער יידישן אָפּשטאַם און די געמיינזאַמקייט פון יידישן פאָלק איבער לענדער און צווישן פעלקער, — דאָס קענען מיר לאָזן ווי אַ היסטאָרישן פאַקט. אָבער אָט די "היסטאָריע" דאַרף אונדז ניט שטערן, דאַרף זיך ניט אַריינמישן אין אונדזער סאָציאַלן עקאָנאָמישן לעבן. "יידישקייט איז אַ פּריוואַטע זאַך".

אמת, אָט די טעאָריע ווערט ניט פאָרמולירט עפנטלעך, ווערט ניט אַרויסגעזאָגט אָפן און דרייסט ווי אַמאָל, מיט אַ הונדערט און וויפל יאָר צוריק אין דייטשלאַנד, ווי מיט אַ זיבעציק יאָר צוריק אין רוסלאַנד. אָבער אין לעבן הערשן לגמרי ניט תמיד די אידעעס, וואָס ווערן געטראָגן אויף פּלאַקאַטן און לאָזונגען. פאַרקערט, הערשן אין לעבן פּרינציפּן און אידעעס, וואָס ווערן באַהאַלטן און פאַרדעקט מיט די היפּוכדיקע לאָזונגען. אין יידישן לעבן איז עס כמעט ווי אַ געזעץ און וויל מען באַגרייפן די פירנדיקע מאָטיוון פון יידישן לעבן, דאַרף מען ניט זיך צוהערן צו דעם, וואָס עס ווערט געזאָגט און געשריבן, נאָר מען דאַרף זיך גוט צוקוקן צום גאַנג פון טאָג־טעגלעכן לעבן אונטער דער געפּוצטער דיקער קאָלדרע פון שיינע לאָזונגען און פראַזעס. און ביי אַזאַ מין אַריינקוקן זיך וועלן מיר ווילנדיק, צי ניט־ווילנדיק מוזן אויספירן, אַז די צווייטע אידעע הערשט אין יידישן לעבן. אין רייד ווערט עס געזאָגט אַז "וואָס זאָל מען טאָן, דאָס לעבן צווינגט אונדז". אין דער אמתן קענען קליינע גרופּעס סובאָטניקעס היטן זייער שבת און מיליאָנען

יידן קאָנצענטרירט אין איין שטאָט — קענען עס ניט, ווייל זיי — ווילן ניט, און אזוי אומעטום, אויף אלע געביטן פון יידישן לעבן. עס הערשט אין די מוחות די צווייטע ריכטונג. אמת, די צוויי ריכטונגען צו יידישקייט*) און פון יידישקייט זיינען פון אייביק אָן אנגעאנגגען אין דער יידישער געשיכטע. שווער צו געפינען א תקופה ווען אָט דער קאמף צווישן די צוויי ריכטונגען זאָל ניט זיין. מיט די לאָזונגען אָדער מיט אנדערע, אָפּן אָדער פארשטעלט אָבער אלעמאָל האָבן עקזיסטירט די צוויי ריכטונגען. אויב די געשיכטע פארזעט די עקסצענטרישע ריכטונג איז דאָס בעיקר דערפאר ווייל אָט די ריכטונג פלעגט תמיד אין משך פון עטלעכע דורות פירן צום אומקום, אויסגעמעקט צו ווערן פון יידישן לעבן. אָט ווי שטראָמען אין מדבר, וואָס גייען פארלאָרן אין זאמד, פלעגן תמיד די גרעסטע טיילן פון יידישן פלק זיך אסימילירן און — פארגעסן ווערן. אלעמאָל דאָס זעלביקע און דאָך איז איצט אנדערש. תמיד האָבן די טיילן וואָס עס האָט זיי געצויגן צום אומקום געהאט דערצו די מעגלעכקייט. פלעגן אין יידישן לעבן בלייבן די שיכטן פון אויפריכטיקער, אָרגאנישער יידישקייט. היינט זיינען אלע מעגלעכקייטן פון אסימילאציע אויסגעשלאָסן: ניטאָ און עס איז מער ניט פאָרויסצוזען קיין געלעגנהייטן אומצוקומען דורך אסימילאציע, דורך אינפלירטאציע און צעלאָזונג אין דער פרעמדער סביבה. און ביי אָט דעם דרויסנדיקן צוואנג צו אָפּגעזונדערטקייט איז גראָד איצט אינעווייניק דער דראנג פון יידישקייט אלץ שטארקער און פארשפרייטער. דראָט דאָ א טאָפּעלע סכנה: צו בלייבן ניט אסימילירט אָן כוח צו לעבן, אָן ווילן, אָן סטימולן, אָן פארלאנג. עס קומט אויס "און איר וועט חלשן דעם טויט און בענקען וועט איר נאָכן לעבן, נאָר גאָט וועט אייך ניט ביידע געבן". (ביאליק).

## די קולטור אויפגאבעס

איז דעריבער די דרינגענדיקסטע אויפגאבע אין יידישן לעבן איצט שטארקן די אינעווייניקסטע שטרעבונגען צו אָרגאנישער, אייגענער, אָריגינעלער יידישקייט. מען דארף שאפן כוחות צו לעבן, צו לעבן און צו שאפן. און די כוחות ווערן ביי יידן פון אייביק אָן געשאפן דורך יידישער דערציונג און קולטור. אָבער אויך דאָ זיינען באַגנאַגען געוואָרן א סך פעלערן. מיר האָבן גענומען באגריפן קולטור און דערציונג אָן דער ספּעציפישער קולטור, וואָס מיט איר האָבן יידן געלעבט דורות, געהיט זי מער ווי די פארשריבענע תורה און טאקע גערופן עס "תורה", תורה פון יידישן לעבן. מיר האָבן געגלויבט אז מען קען איבעררייסן דעם אייביקן צוזאמענבונד צווישן תורה און לעבן, און דאָך דערצי׳ען יידיש. מען האָט געגלויבט, אז מען קען שטיקלעך, ברעקלעך פון דער אלטער תורה, פון די תורות, וואָס זיינען אויסגעוואקסן אין אמאָליקע לעבנס, נעמען די ברעקלעך תורה און זיי צוגעבן

*) דאָס וואָרט "יידישקייט" ווערט דאָ גענוצט ניט אין רעליגיעזן זינען, נייערט אין נאַציאָנאַל־שטייגער׳ישן — דער סכום פון ספּעציפישע אנדערשקייטן, וואָס טיילן אָפּ יידן פון אנדערע מיטבירגער.

ווי א הוספה צום גאָר אנדערשדיקן לעבן און דערמיט יוצא זיין. קען אזא דערציונג ניט ווירקן אויפן גייסט, קען אזא לערנען ניט אקומולירן קיין גייסטיקע כוחות וואָס זיינען היינט אזוי נייטיק צום לעבן אפילו בלויז פיזיש. דאַרפן מיר זוכן די קוואלן פון גייסט וואָס פון זיי קענען מיר שעפּן אָט די כוחות, כוחות צו לעבן.

1) שטייגער. אויף דריי יסודות האַלט זיך תמיד און אויך איצט דאָס יידישע לעבן — אויף ספּעציפישער קולטור, אויף ספּעציפישן שטייגער און אויף סאָציאַלער געבונדנקייט. (דאָס איז בלויז א פאַרטייטשונג פון די אַלטע "על התורה ועל העבודה ועל גמילות חסדים"). פון די דריי יסודות פעלט אונדז שטייגער לגמרי. איבערהויפּט פעלט ער ביי די אזוי גערופענע וועלטלעכע יידן. זיי האָבן אָפּגעוואָרפן דעם גאנצן טראַדיציאָנעלן שטייגער, ווייל ער איז "רעליגיע" (אין דער אמתן איז פּונקט פאַרקערט געווען: ניט רעליגיע האָט געשאַפן דעם שטייגער, נאָר דער טראַדיציאָנעלער שטייגער איז געוואָרן די רעליגיע פון יידן). אָפּגעזאָגט זיך פון שטייגער האָט מען זיך צוליב אַן אנדער דראַנג. צוליב דעם דראַנג נאָכצוטאָן אנדערע שטייגערס. אין דעם פּרט זיינען די וועלטלעד־נאַציאָנאַלע יידן געגאַנגען פּונקט אין די זעלביקע וועגן ווי אַלע אסימילאַטאָרן פון אַלע אנדערע ריכטונגען. איין היסטאָרישער פּראָצעס קען באַגלייט ווערן מיט פאַרשיידענע טעאָרעטישע אידעאָלאָגיעס: רעפאָרמאַציע, אסימילאַציע, וועלטלעכקייט — דער פּראָצעס איז געבליבן דער זעלביקער. אָן א ספּעציפישן שטייגער, וואָס באַשטייט פון איינגעפונדעוועטע מינהגים און פירונגען ספּעציעל לשם יידישקייט וועט זיין שווער צו בויען אַן אקטיוון יידנטום. און די וואָס טראַכטן וועגן אמתער יידישקייט, וועלן קאַטעגאָריש מוזן זאָרגן וועגן א סיסטעם פון "מוזן" און "פאַרבאָטן", מצוות און עבירות, וואָס זאָלן אָפּשיידן און אָפּטיילן יידן פון אנדערע. עס קען ניט זיין קיין אקטיוו יידנטום, ווען מען האַלט אין איין כסדרדיקן נאָכמאַכן און נאָכטאָן דעם שטייגער פון אנדערע. מען קען ניט אויסהאָדעווען קיין שטאָלצע יידן און במילא אויך מענטשן ווען אַלדאָס לעבן איז איין כסדרדיקער נאָכגיין נאָך עמיצן, גיין אין יענעמס טריט. איך מיין דאָ ניט דווקא פּונקט דעם שולחן ערוך. איך מיין דאָ אַלץ אין זיטן און מינהגים, וואָס מאַכט בולט די יידישע אנדערשקייט. דאָס איז איינס.

צווייטנס: מוזן מיר זיך אומקערן צום באַזיס פון ספּעציפישער קולטור. דאָ מיינען מיר אַלדאָס געדאַנקלעכע, וואָס ווערט געשאַפן אין יידישן לעבן און וואָס פאָרמולירט דאָס לעבן. אַלדאָס געשאַפענע פון יידן, וואָס האָט אָבער ניט קיין שייכות צום ספּעציפישן יידישן לעבן, אַלדאָס איז ניט קיין יידישע קולטור, ניט קיין "תורה". "תורה" איז פאַר אונדז די גאַנצע ליטעראַטור (מינדלעכע און פאַרשריבענע), וואָס וואָרצלט אין פאָלקס גייסט און במילא ציט זי ווייטער די גאָלדענע קייט פון יידישע תורה־שאַפונגען פון אייביק אָן. אָט די תורה דאַרף ווידער ווערן א יסוד, פון אונדזער לעבן און דערציונג. האָבן מיר אָבער אויך דאָ אַליין, בידים ממש געשאַפן א ווילדן ריס: מיר האָבן זיך אָפּגעריסן פון אונדזערע אַלטע און עטוואָס עלטערע תורות. און דאָס נייע וואָס שאַפט זיך, איז אָפט פרעמד און ניט

ראוי צו טראָגן דעם נאָמען תורה. פאַר די אַלטע תורות ציטערן מיר ווייל זיי זיינען שוין „צופּיל ייִדיש", און מיר האָבן זיך אַליין איינגערעדט, אַז זיי זיינען ניט אַקטועל. די נייע זיינען אין אַ גרויסער מאָס לויט זייער מהות פרעמד און נאָכמאַכעריש און האָבן גאָרניט צו טאָן מיט ייִדישן לעבן, מיט ייִדישקייט.

קלאָר, און דאָ מוז דורכגעפירט ווערן אַ גרויסע סעלעקציע, אַ פּרינ־ציפּיעלע דורכזיפּונג און אָפּקלייב פון אַל דעם וואָס איז ווערט אריינגענומען צו ווערן אין סכום פון ייִדישע תורות און וואָס איז מסוגל איינצוהאַלטן און ווייטער האָדעווען דעם ייִדישן גייסט.

און אָט דאָס אָפּגעקליבענע דאַרף ווייטער ווערן דער יסוד פון דער־ציונג פון נייע דורות, דער יסוד פון קולטור־לעבן.

אויך דאָ גייט פון אייביק אָן אַ קאַמף ביי ייִדן. ווי אַ מוסטער בלויז וויל איך ברענגען איין פראַגמענט פון אָט דעם אייביקן קאַמף. די קאַראַי־מער האָבן געבויט זייער גאַנצע ייִדישקייט און דערציונג בלויז אויף דער אַלטער קאַנאָניזירטער תורה און האָבן ניט אָנערקענט און באַקעמפט די נייע תורות, וואָס זיינען אַקאָרשט אַרויסגעוואַקסן פון לעבן אין שפּראַך פון ייִדישן לעבן, ניט אין דער היסטאָרישער הייליקער שפּראַך. די ראַבאַניטן (ד"ה, די שעפער פון דער גאַנצער היינטיקער ייִדישקייט און ייִדנטום) זיינען דע־מאָלט געווען די וואָס האָבן געוואָגט צו לייגן דעם טראָפּ אויף דאָס נייע און האָבן בפירוש פאַרזאָגט אפילו ניט צו לערנען „צופּיל" די אַלטע תורה („מקרא"). זאָל אָט דער בליק אין געשיכטע אריין אונדז לערנען, אונדז העלפן געפינען דעם אמתן וועג אויך איצט.

בכן, שטייען מיר היינט פאַר דער נויטווענדיקייט פון אַ נייער קול־טור זאַמלונג, פון אַ נייעם "ש"ס" פון דער ייִדישער קולטור און ליטעראַטור, און זאָל דאָס שוין אויפן אָרט קלאָר געזאָגט ווערן. דאָס איז לגמרי ניט בלויז אַ פאַרלאַנג סיסטעמאַטיש אַרויסצוגעבן די און די אַנדערע ווערק. אַ סך ווערק וואָס זיינען פאַרשפּרייט ביי ייִדן, זיינען פון דעם מין, וואָס האָט קיין שום שייכות ניט צו ייִדישער קולטור. אָט דער אָפּקלייב, דאָס אריינלעבן זיך אין די פּרינציפּן פון אָפּקלייב איז גאָר ניט פון די גרינגע זאַכן. עס איז אָן ענין פון ברייטע דיסקוסיעס און אויפקלערונגען, וואָס זיינען ביי אונדז לגמרי ניט אָנגעהויבן געוואָרן. ווידער זיינען פאַראַן זייער פּיל געביטן פון ייִדישן לעבן, וואָס האָבן נאָך לגמרי ניט געהאַט די זכיה באַאַרבעט צו ווערן, זיי האָבן נאָך ניט באַקומען זייער „תיקון", צו קענען ווערן אָן אָרגאַנישער טייל פון פאָלקס גייסטיקן לעבן. און כדי צו ווערן אַזאַ מוז דאָס פאַרוואַנדלט ווערן אין קונסט, מוז עס שפּעטער ווערן אַן עלעמענט פון דערציונג און פון שטייגער. גייט אַרום אין פאָלק אַזאַ גרויסער עפּאָס ווי ר' לוי־יצחק באַרדיטשעווער און ייִדישע שרייבער, ייִדישע קינסט־לער גייען אַרום, זוכן און באַרגן טעמעס, פרעמדע, פרעמדע פאַר זיי, פאַר זייער גייסט. זיינען אין פאָלקס לעבן פון אונדזער נאָענטער פאַרגאַנגענהייט פאַראַן גאַנצע שיכטן קולטור־אַרץ, וואָס וואָלטן געקאָנט און געדאַרפט שפּייזן גאַנצע דורות ייִדישע קינסטלער און געלערנטע. און די פאַרלאָזן

די אייגענע קוואַלן און גייען אַרום זוכן פרעמדע גריבער. האָט זיך אויף דעם געקלאָגט ביאַליק בנוגע דער העברעישער ליטעראַטור. איז דאָס נאָך מער ריכטיק בנוגע צו דער יידישער ליטעראַטור. אין זייער אַ גרויסער מאָס איז אונדזער ליטעראַטור בלויז אַ ליטעראַטור אויף יידיש, אַנשטאָט צו זיין אַ יידישע ליטעראַטור. די טעמעס, די פּראָבלעמס זיינען על פּי רוב געבאָרגטע, געליענע אָדער נאָכגעמאַכטע לויט אַ מוסטער. אַלץ לויט אַ כלומרשט גוטן פּרינציפּ אַז אַלץ וואָס ביי אַנדערע פעלקער דאַרף אויך זיין ביי אונדז. פּסיכאָלאָגיש שטאַמט דאָס פון אַ קוקן אויף זיך מיט פרעמדע אויגן. (דער עצם באַגריף "ליטעראַטור" האָט זיך ביי אונדז געשאַפן ערשט גאָר ניט לאַנג, כאָטש אַז "עם הספר" זיינען מיר פון אייביק אָן. און דער אונטערשייד איז אַ גראַנדיעזער: "תורה" איז געלערנט צו ווערן, ליטעראַטור לייענט מען. תורה דאַרף דעם לערנער לערנען, ליטעראַטור דאַרף אים פאַרווילן. *)

תורה דאַרף זיין דער וועג פון לעבן. ליטעראַטור איז צום אויסלעבן זיך. תורה איז געווען דער כוח צום לעבן און איבערלעבן סכנות, פּיין, צרות, יסורים, שלעק און אומגליקן. ליטעראַטור קען בלויז ווי אַ "דעסערט" זיין אַן אָנגענעמער צוגאָב אויפן זאַטן מאָגן און רויקן געמיט. און ווען מיר ריידן דאָ איצט וועגן אַ נייער זאַמלונג און אַ נייעם ש"ס, מיין איך טאַקע בלויז פון דער ליטעראַטור, וואָס קען, וואָס איז מסוגל דערהויבן צו ווערן צו דער מדרגה פון אַ תורה. אַלדאָסאיבעריקע האָט ניט קיין בלייביקן ווערט פאַר אונדז, מעג עס זיין פון שטאַנדפּונקט פון אַן אַבסטראַקטער עסטעטיק פיין און גוט. אָט דער אָפּקלייב איז אַ שווערער און אַן אחריותדיקער. און ווייטער: לאַנגע און פילצאָליקע דורות האָבן יידן געלעבט מיט תורות וואָס זיינען געוואַקסן פון לעבן, פון טראַדיציע און מיטן לעבן. און אָט זיינען די תורות אָפּגעפרעמדט געוואָרן. ניט מחמת זיי זיינען אַלט און פאַרעלטערט און זיי קאָנען איצט ניט האָבן פאַר אונדז קיין לעבנס ווערט. ניין און ניין. מיר האָבן זיך פון זיי דערווייטערט מחמת אַ ספּעציפישן דראַנג ביי יידן צו אַנטלויפן פון זיך אַליין. לויפן מיר פון אייגנס און דאָס פרעמדס, וואָס מיר גאַרן און באַגערן קענען מיר ניט פאַרייגענען. דאַרף אָט דער נייער ש"ס געפינען די וועגן ווי אַזוי אָט דאָס אָפּגעפרעמדטע אייגנס זאָל ווידער נעמען צירקולירן אין יידישן לעבן, אין יידישע נשמות. עס איז ניט בלויז אַ פראַגע פון פאַרלעגערייַ. עס איז אַ פּראָבלעם פון צוגרייטן, פון איבערזעצן, קאָמענטירן, פון אַקטואַליזירן. מען דאַרף עס מאַכן צוגענגלעך פאַר אונדזער היינטיקער פּסיכיק. פאַראַן פּראָבלעמס פון איבערשאַפונג, פון איבערדיכטונג א"וו. עס וואַקסט אויך אויס אַ פּראָבלעם ווי אַזוי די צוגעגרייטע און אַרויסגעגעבענע ווערק צו מאַכן צירקולירן אין פאָלק. עס איז ניט קיין פראַגע פון פאַרקויפן ביכער. עס איז אַ פּראָבלעם ווי צו מאַכן אַז די ביכער זאָלן גענוצט ווערן. דאָס איז אַ פּראָבלעם פון מיטלשולן, פון הויכשולן, פון קורסן

---

*) פאַראַן אַ שטאַרק באַלערנדיקער וויץ אויף דער טעמע: צו ר' יצחק־אלחנן קומט אַ יונגער מאַן און זאָגט: — רבי, איך האָב אויסגעלערנט גאַנץ ש"ס. — זייער פיין, אָבער וואָס האָט דער ש"ס אויסגעלערנט דיך?

פאר דערוואקסענע, פון שאפן און באנייען די פראכטיקע טראדיציע פון "קובע עיתים לתורה" זיין, פון לערנען בציבור און לערנען פאר זיך; פון "מעין זיין" אין א ספר.

## פרינציפן פון דער נייער קולטור זאמלונג

די נייע זאמלונג וועט זיך זייער שטארק אונטערשיידן פון די אלטע. דער גרעסטער אונטערשייד איז אין דעם וואס ביי היינטיקן טאג פארמאגן מיר ניט אין אונדזער לעבן קיין "הלכה". מיר לעבן לויט די "הלכות", לויט דעם שטייגער פון פרעמדע פעלקער און דא ליגט אפשר די גרעסטע טראגע־דיע אונדזערע. אבער אט אזא אייגענע "הלכה" וואס זי איז געווען פון תלמוד אן דער יסוד פון יידישן קיום, אזא "הלכה" וועט קענען געשאפן ווערן בלויז ווען עס וועט זיין א גייסטיקער אוטאריטעט, א נייער "גאונאט"; ווען א קליינע גרופע יידן וועלן מיט זייער גוטן ווילן נעמען אויף זיך צו זיין "פרושים" — אפגעשיידט און אפגעזונדערט אין זייער שטייגער פון דער מערהייט, פון די וואס ווילן ניט אנדערש לעבן לויט דעם שטייגער פון לאנד (עמי הארץ). אבער אויף דעם מוז מען נאך לאנג ווארטן: צופיל האבן מיר זיך "אויסגעטאן" פון יעטווידער יידישן "יאך" אונטער אזא אדער אנדער מאנטל. דערווייל אבער מוז אונדזער נייע זאמלונג באשטיין אויסשליסלעך פון "אגדה" (ליטעראטור—בלע"ז) ווייטער. לויט דער יידישער טראדיציע וועט די ווערטיקייט פון שרייבערס פערזאן, פון זיינע פריוואטע אנגעלעגנ־הייטן, ביאגראפיע א"או דארפן בלייבן אן א זייט. דאס אליין קען האבן א ווערט בלויז פאר ליטעראטור־פארשער. פאר דעם כלל לערנער איז די פער־זאן לגמרי ניט וויכטיק. סיידן מיר ווילן ניט אנדערש איבערנעמען דעם ניט־יידישן און ניט־נוציקן מנהג פו פערזאנען־קולט. דעריבער דארפן מיר ניט קיין אקאדעמישע פולע אויסגאבעס פון שרייבער. אונדז גייט לגמרי ניט אן וואס דער אדער יענער שרייבער, אפילו דער גרעסטער, האט געשריבן. עס מוז פון א שרייבער אפגעקליבן ווערן בלויז דאס וואס שטימט מיט דער הויפט־אידעע פון דער גאנצער זאמלונג. אלדאס איבעריקע קען בלייבן ווי "ברייתאעס", אדער ווי "ספרים חצונים". איך גלויב ניט אז עס זאלן זיין ווערק וואס זאלן זיין שעדלעך און מען זאל זיי דארפן "דן זיין לגניזה" — ארויסנעמען זיי פון פארקער, כאטש איך האלט אז א גרויסער טייל פון אונדזער אנגענומענער גוטער ליטעראטור איז אפשר גוט פון שטאנדפונקט פון ליטעראטור, אבער פון שטאנדפונקט פון תורה איז דאס פסולת און עס האט ניט קיין ווערט פון נאציאנאלער קולטור. עס וועט געווים קומען צו גרויסע חלוקי דעות ווען מען וועט נעמען איינשטעלן אט די קריטעריום פון אפקלייב. איך פון מיין זייט וואלט דערווייל אנגעמערקט אט די עטלעכע:

1) אהבת ישראל. פאראנען ווערק אין דער יידישער ליטעראטור, וואס אטעמען מיט א שנאה צו יידן און צו יידישעס. דאס אליין דארף ניט אריינגיין אין "ש"ס", כאטש ליטעראטור - געשיכטלעך, כאטש פון שטאנדפונקט פון סיסטעמאטישקייט קענען זיי זיין גאנץ וויכטיק. לויט דעם קריטעריום וואלטן א סך ווערק פון דער השכלה־תקופה געדארפט בלייבן

אויסן. עס איז א פאקט, וואָס איז שוין אונטערגעשטראָכן געוואָרן פיל מאָל, אז פון דער השכלה אָן האָט זיך אריינגענעסטעט אין געדאנק פון דער יידישער אינטעליגענץ א שטארקע שׂנאת ישׂראל. קלאָר אז אלע אזוינע ווערק דארפן בלייבן מחוץ פון דעם ש"ס. דער גרעסטער אוהב ישראל צווישן אלע יידישע שרייבער פון דער נייער צייט איז דאכט זיך שלום-עליכם. ער האָט זיי טאקע ליב מיטן גאנצן הארצן די קליינע מענטשעלעך מיט די קליינע השגות, מיט אלע זייערע מעלות און חסרונות. פאראן כוואליעס אהבת ישראל ביי איניקע שרייבער, וואָס איך פילט אז זיי זיינען אָנגע־שטרענגטע, געמאכטע. איך פילט פון דער גאנצער סטרוקטור, פון בוי פון ווערק, אז דער שרייבער האָט מיט א שרייבער־כוונה זיך צעגאָסן. איך פילט, אז אָט די ליבע איז א באוואוסטזיניקע אפּאָלאגעטיק. זי קומט ניט פון נשמה, אזא ליבע, אזא אהבת ישראל איז איפלו שעדלעך.

2) יידישקייט־אידעע. יעטווידער ווערק וואָס פארמאָגט קינסטלערי־שע שלימות מוז האָבן אויך א אידעע. א ווערק אָן א אידעע איז ווי א גוף אָן א נשמה. די אידעעס פון ווערק קענען זיין פארשיידן. נעמען מיר ביי פּרצן צוויי ווערק: "דאָס שטריימל" און "צווישן צוויי בערג" און ווי ווייט עס זיינען די אידעעס פון אָט די צוויי ווערק! פאראן אידעעס וואָס זיינען פעסט איינגעקייטלט אין דער גאָלדענער קייט פון אייביקער יידישקייט, דאָס זיינען אידעעס פון המשכדיקייט. און פאראן אידעעס וואָס פירן צום אי־בעררייסן די קייט, וואָס פירן פון יידישקייט. ביי טראדיציע יידן איז געווען א חוש, א מין יוחנן וואסער־טרעגערס חוש צו שפּירן די ריכטיקע אידעע. און ווייל אָט דער חוש איז ביי אונדז אָפּגעשוואכט געוואָרן, מוזן מיר זיין צענפּאד אויפמערקזאם צו די אידעעס פון די אָפּגעקליבענע ווערק.

3) יידישע סטימולן. יעטווידער ווערק ווערט ביים שרייבער סטימו־לירט דורך עפּעס. פאראן ווערק וואָס זיינען לויט זייער סטימול פרעמד און ניט־יידיש. עפּעס איז דאָס ווערק געשאפן געוואָרן פון דעם שרייבערס פאר־קוקן זיך, פון א דראנג נאָכצומאכן אא"וו. אזוינע ווערק זיינען אויך ניט קיין אָרגאנישע. אזוינע ווערק זעען אויס ווי מען וואָלט זיי אין געדאנק איבערגעזעצט און בעסער זאָלן זיי בלייבן אויסן. די סטימולן דארפן זיין פון יידישן לעבן, פון יידישן קולטור־לעבן גענומען.

4) איך וואָלט געזאָגט אז אינדיווידועלע איבערלעבונגען, אינדיווי־דואליסטישע פּאָעזיע מעג אינגאנצן בלייבן אויסן, דאָס מיינט ניט אז ליריק בכלל האָט ניט קיין ווערט. ניין און ניין. פאראן אינדיווידועלע ליריק וואָס אין יעדן וואָרט הערט איר דעם בת־קול פון דורות יידן. די איז גוט. פאראן אָבער צופיל דיכטער - יחידים וואָס זיינען אינגאנצן אָפּגעריסן פון שמאָם. זייער ליריק איז לגמרי אָן נאציאָנאלע אויבער און אונטערטענער. אזוינע ווערק וואָס האָבן אין זיך ניט קיין אָפּהילך פון דורות, קענען אויך ניט געפינען קיין אָפּהילך אין יידישע הערצער. איך לייען אָפּט ליריק, — און מיט ליריק זיינען מיר רייך, — און זי לאָזט מיך אינגנצן קאלט, אָן א רעזאָנאנס. בלויז א קליינער פּראָצענט פון אָט דער אינדיווידואליסטישער ליריק איז ראוי אריינגענומען צו ווערן אין ש"ס פון יידישן פאָלק. אזוי

אויך מיט טיפֿן און באשרייבונגען טעמעס. טיפֿן וואָס זיינען איינציקע, צופֿעליקע, ניט קיין כאראקטעריסטיש יידישע; ווערק וואָס באהאנדלען אינדיווידואליסטישע פּראָבלעמעס, וואָס האָבן ניט קיין שייכות צום קיום פֿון יידישן פֿאָלק, — אזוינע ווערק קענען זיין גאנץ וויכטיק פֿון ליטעראַרישן שטאנדפּונקט. פֿארן ש״ס, פֿארן גרונט פֿארמעגן פֿון יידישן פֿאָלק האָבן זיי ניט קיין ווערט.

5) יידישע וויסנשאפֿט. אויך בנוגע צו יידישער וויסנשאפֿט מוז שטרענג דורכגעפֿירט ווערן די גרעניץ צווישן וויסנשאפֿט אויף יידיש און יידישע וויסנשאפֿט. עס איז פֿאראן ביי יידישע וויסנשאפֿטלער א טענדענץ אז אלץ וואָס עס גילט פֿאר וויסנשאפֿט ביי לייטן זאָל זיין ביי אונדז און דאָס זאָל זיין יידישע וויסנשאפֿט. קלאָר: וואָלטן מיר געהאט אינגאנצן א סעפּארירטן לעבן, וואָלטן מיר געדארפֿט זאָרגן וועגן אלע געביטן פֿון וויסנשאפֿט. יידישע וויסנשאפֿט באטייט בלויז די אָנשטרענגונגען צו געפֿינען די געזעצן פֿון יידישן לעבן.

פֿאראן נאָך א שענדלעכע טענדענץ ביי יידישע וויסנשאפֿטלער: וויסנשאפֿט איז כלומרשט ״אָביעקטיוו״, זי דארף ניט און טאָר ניט האָבן קיין אידעען, קיין פֿארלאנג און שטרעבונג. דער דיכטער זינגט ווי ״דער פֿויגל, פֿראנק און פֿריי״ און דער וויסנשאפֿטלער דענקט אויך פֿראנק און פֿריי. די טענדענץ איז א סימן דלות, א סימן פֿון אידעישן דלות. בעת אין דער אמתן איז פּונקט פֿארקערט: ערשט די אידעע פֿארוואנדלט די פֿעסטגעשטעלטע פֿאקטן אין א וויסנשאפֿט. און פֿאר דער יידישער וויסנשאפֿט איז ניטאָ קיין אנדער אידעע, ווי דער קיום פֿון יידישן פֿאָלק.

כדי קלאָרער צו מאכן דעם מהות פֿון דעם באגריף ״ש״ס״, מיט וואָס דארף ער זיין אנדערש פֿון א ענציקלאָפּעדיע, למשל, פֿון א אנטאלאָגיע, פֿון א ביבליאָטעק וכדומה, כדי צו אילוסטרירן דעם געדאנק וויל איך דאָ רעפֿערירן וואָס דער ש״ס דארף איינהאלטן. קלאָר אז א גענויע פּראָגראם פֿון דער צוקונפֿטיקער ארבעט צו פֿארווירקלעכן אין לעבן מוז אויסגעארבעט ווערן דורך א בארופֿענער קאָלעגיע. דאָס וואָס איך ברענג דאָ איז בלויז א מוסטער אויפֿצוקלערן דעם עצם געדאנק.

ערשטנס, דארף ניט דער נייער ש״ס באשטיין פֿון אָפּהאנדלונגען וועגן יידישער קולטור ווי אן ענציקלאָפּעדיע, נאָר ער דארף דורכויס באשטיין פֿון די עצם אָריגינעלע ווערק פֿון דער יידישער קולטור.

צווייטנס, איז דאָס ניט קיין זאמלונג פֿון יידישע ווערק — לויט שפּראך, מחברים וכדומה, נייערט א זאמלונג פֿון די ווערק וואָס מיט זיי האָט דאָס פֿאָלק געלעבט, וואָס האָבן פֿארנומען אן אָרט אין פֿאָלקס לעבן און געדאנק. אזוי אויך מוז אין ש״ס אריינקומען אלץ וואָס עס איז אין דעם פֿאָלקס לעבן און עס איז נאָך ניט געפֿורעמט געוואָרן אין ווערק, אין ביכער וכדומה. לאָמיר גיין כסדר.

1. דער ערשטער סדר (אָדער ריי ווערק) דארף זיין געווידמעט דער אידעע וועגן — כאראקטער פֿון יידישן פֿאָלק ווי אזוי ער אנטפּלעקט זיך אין דעם פֿאָלקס ווערטלעך, וויצן אידיאָמען, קללות, מעשהלעך, לעגענדעס,

גלויבונגען, מנהגים, זיטן. עס דאַרף אָבער דאָך ניט זיין קיין עטנאָגראַפישע זאַמלונגען. צייט מאַכט דאָ א קליינעם אונטערשייד, אָפּשטאַם אַרט פון ווערטל — נאָך ווייניקער. יידן זיינען א באַוועגלעך פאָלק און מיט לאָקאַ־ליזאַציע פון עטנאָגראַפישן מאַטעריאַל קומט תמיד אַרויס קוריאָזן. דער עיקר איז דער מאַטעריאַל זאָל קומען געסדרט לויט א אינעווייניקסטער אי־דעישער קרובהשאַפט (בערך ווי ביאַליק און ראַווניצקים "ספר האגדה"). צו דעם מאַטעריאַל דאַרפן תמיד קומען דערקלערונגען, ריכטיקער אויסטייטשונ־גען און אַריינטייטשונגען פון די סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישע אָדער פאָלקס־ אי־דעאָלאָגישע געדאַנקען־אַסאָציאַציעס, דער "מאי קא משמע לן". עס דאַרפן אַנטפּלעקט ווערן די פיל געשטאַלטיקע מיינען וואָס דאָס פאָלק לייגט אַריין אין לאַקאָנישע וויצן. אזוי ווי די גאַנצע אידעען־וועלט פון די פּאַרצייטיקע יידן האָט זיך אויסגעגאָסן ניט אין טראַקטאַטן פון יחידים (מיט א קליינעם אויסנאַם), נאָר אין אַפאָריזמען, מימרות, אגדות, — אזוי אויך שפּעטער האָט דאָס פאָלק זיין גייסט און מוח אַריינגעטאָן אין ווערטלעך, וואָס זיינען קווינטעסענצן פון פילאָזאָפישע וועלט־באַנעמען און זאָמען פון שאַפונג, פאָלקס חכמה פאַר דורות פאָרויס. צווישן די ציקלען לויט אידעעס קענען זיין אויך אַנדערע, וואָס זיינען צונויפגעבונדן אין א גאַנצעם דורך עפּעס אַנ־דערש ווי למשל, לאָמיר זאָגן א ציקל כעלם, אָדער מאָטקע כאַבאַד וכדומה. אזוינע "מסיכתות" — ציקלען דאַרפן זיין פאַרשיידענע, אזוי למשל, — לעגענדעס וועגן פערזאָנען, פאָלקס־העלדן פון שלמה המלך ביז דעם ווילנער גאון און ר' לוי יצחק באַרדיטשעווער. ווי אין וויצן און ווערטלעך אזוי ווייזן זיך אויך אין די לעגענדעס אַרויס די אידעאַליסטישע פאַרשטעלונגען פון פאָלק ,זיין כאַראַקטער. אזוינע ציקלען — "מסיכתות" ווי "משיח", "אליהו הנביא", צדיקים, גוטע יידן זיינען תורות.

די דערקלערונגען צו דעם אָריגינעלן מאַטעריאַל דאַרפן בלויז זוכן צו אַנטפּלעקן דעם ספּעציפישן כאַראַקטער פון פאָלק ,זיין וועלט־באַנעם, זיין געדאַנקען־וועלט. עס דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן דאָס אומאָפּהענגיקע פון צייט, דאָס וואָס קען און דאַרף זיין אַקטועל איצט ווי פריער. אָט למשל נעמען מיר א קורץ ווערטל וואָס דאָס פאָלק דערציילט אין נאָמען פון ר' עקיבא אייגער: "וואָסערע שמעק־טאַבאַק רש"י האָט געשמעקט, דאָס ווייס צונץ, א שטיקל חומש מיט רש"י — דאָס קען איך". אָט דאָס ווערטל דאַרף קומען ניט אין א ציקל וועגן עקיבא אייגער. די דערקלערונג דאַרף זיך ניט פאַרנעמען מיט דעם פּראָבלעם פון אויטענטישקייט, ווען און ווו ר' עקיבא אייגער האָט געלעבט, וואָס עס האָט אים געקענט סטימולירן צו אָט דער אַרויסזאָגונג, ווער האָט דאָס ווערטל איבערגעגעבן, ווי איז עס צו אים דער־גאַנגען אא"וו. פאַר אונדז איז וויכטיק בלויז וואָס פאַר א געדאַנק דאָס פאָלק האָט אַריינגעלייגט אין אָט דעם סאַרקאַסטישן זאַץ, די ביטול באַציונג צו דער גאַנצער ביאָ־ביבליאָגראַפישער וויסנשאַפט, וואָס א פאָלק האָט געהאַט. פּונקט אזוי איז פאַר דעם יידישן גייסט לגמרי ניט וויכטיק דער "גרויסער וויסנשאַפטלעכערע אויסגעפינס" פון דער ביבל־קריטיק, אַז די נבואה־קאַפּיט־לען פון ספר ישעיהו פון 40טן און ווייטער, זיינען געוויס געשריבן פון אַן

אַנדער נביא. פאַר אונדז קען און דאַרף זיין גאַנץ גלייכגילטיק צי עס זיינען געווען צוויי אָדער צען ישעיהוס אָדער קיין איינער ניט. וויכטיק איז וואָס א פאָלק האָט טויזנטער יאָר געלעבט, זיך געקוויקט, געהאָפט און געטרוימט, געטרויערט און זיך געמוסרט מיט די פסוקים און קאַפּיטלעך; וויכטיק איז אַז א פאָלק האָט אין שבת פון טרויער געלייענט איין קאַפּיטל פון ספר (חזון) און אין שבת פון טרייסט געלייענט א צווייטן (נחמו) האָט עס נאָך אמאָל מיט צענדליקער יאָרן צוריק קלאָר און דייטלעך ארויסגעזאָגט אחד העם: זאָל ווער עס וויל שטודירן, פאָרשן און גריבלען זיך אין דער געבורט־מעטריקע פון משה רבינו. דאָס אַלץ קען גילטן פאַר וויסנשאַפט ביי די, וואָס זיינען געווינט און גענייגט צו זוכן אין אַלץ דאָס מאַטעריעלע, דעם טרעגער פון גייסט, ניט דעם גייסט אַליין. איינע פון די סיבות פון דער יידישער אייביקייט איז דאָס וואָס יידישקייט איז לכתחילה אָפּגעריסן געוואָרן פון אַלדאָס מאַטעריעלע, וואָס איז עלול חרוב צו ווערן, וואָס מוז חרוב ווערן. איינע פון די סיבות פון אונטערגאַנג פון אייראָפּע איז געווים די מאַטעריאַליזאַציע פון קולטור (שפּענגלער). אין דער ריכטונג פון זוכן בלויז דעם תוך און ניט די ביאָ־ביבליאָגראַפישע שאָלעכץ דאַרף זיין צונויפגעזאַמלט דער גאַנצער סדר פון פאָלקס שאַפן.

דער צווייטער סדר זאַמלט צונויף דעם אינדיווידועלן פּראָזאַאישן שאַפן פון דורות. אהער געהערן אַלע ווערק ארום דער טעמע "יידן און אומות העולם" פון תלמוד (אגדה) ביז "יידן און יידישקייט" פון זשיטלאָווסקי. א צווייטער ציקל אָדער מסכתא זאָל זיך אָפּגעבן מיט דער פּראָבלעם פון גאָט און וועלט. ווידעראַמאָל — דורכגעזוכט דורך אַלע דורות. דאָ קאָנען זיין גרויסע ספקות: וואָסערע ווערק געשריבן דורך יידן דאַרפן זיין אַנערקענט פאַר יידישע ווערק און וואָסערע ניט, כאָטש זיי געהערן צו יידן מיט גרויסע נעמען. פאַר מיר איז דער קריטעריום א פשוטער און א קלאָרער: אַלץ וואָס יידן האָבן געשריבן ווי יידן מיט א טיפן אויפריכטיקן פאַרלאַנג צו געפינען דאָס ספּעציפיש יידישעס, וואָס שיידט אָפּ יידן פון אַנדערע פעלקער, — אַלץ דאָס איז יידישע ווערק. אַלץ אָבער וואָס יידן האָבן געשאַפן כדי צו פאַרטושן דאָס ספּעציפישע, כדי צו זיין נענטער צו ניט־יידן, זיך אויסצוגלייכן מיט זיי — אַלדאָס איז ניט יידיש, כאָטש עס האָט געקענט זיין געשריבן דורך גרויסע יידן ווי שאול דער טאַרסער אָדער אפילו שפּינאָזע.

א דריטער סדר דאַרף אָפּגעגעבן ווערן דער יידישער דיכטונג אויך לויט טעמעס, ניט לויט מחברים. לאָמיר נעמען א טעמע "מענטש", קען דאָ אריינגענומען ווערן פון תהילים קאַפּיטל 8 ביז לייוויקס "דענוווער באַלאַדע". א טעמע "גאָט און נאַטור" קען אריינגעמען פון "ברכי נפשי" פון תהילים ביז "כתר מלכות" פון שלמה אבן גבירול און ווייטער. "צער און צאָרן" — נאַציאָנאַלער טרויער און כעס פון שפוך חמתך און "על נהרות בבל" ביז ביאַליקן. סאָציאַלער פּאַטאָס פון נתן הנביאס משל ביז קולבאַקס "באַל". . . קריטיק און מוסר — פון עמוסן ביז דעם קעלמער מגיד. דער יידישער משל פון יותם משל אין שופטים, דורך די משלי שועלים ביז צו אליעזר שטיינבאַרגן און רבי מרדכעלע. די פּאָעזיע איז רייך אין כמות,

אבער ווייט ניט קיין גרויסער טייל פון איר איז שייך אהער. דער כלל — בלויז דאָס, וואָס איינזאַפּנדיק דאָס, זאַפּן מיר איין דעם יידישן גייסט.

א פערטער סדר דאַרף אריינגעמען פּראָזע־ווערק פון דער יידישער ליטעראַטור. דאָ קענען אריינקומען בלויז א קליינער טייל ווערק פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור. קודם־כל דאַרף אויסגעשלאָסן ווערן די גאַנצע השכלה־ליטעראַטור צוליב אירע אַנטי־יידישע טענדענצן, צוליב איר נאָכמאַכערישקייט אא״וו. בלויז אָריגינעל־יידיש געדענקטע און אָריגינעל יידיש געשריבענע ווערק קענען אהער אריינגערעכנט ווערן. אין דער ערשטער ריי געהערן אהער ווערק וואָס גיבן דעם סימבאָלישן טיפּ פון לעבעדיקן כלל יידן (שלום עליכם), שפּעטער קומען ווערק וואָס קאָנקרעטיזירן יידישע אַבסטראַקטע אידעעם (פּרץ, למשל). איך בין זיכער — אז פּרץ אליין וואָלט אין אזא מין זאַמלונג אַפּגעקליבן פון זיינע ווערק בלויז א קליינעם טייל הלוואי איינעם—צוויי בענד ניט מער. אַנדערע יידישע שרייבער און זייער פּרוכט־באַרע וואָלטן אויך אריין אין ש״ס בלויז מיט איינעם אָדער צוויי ווערק.

איך האָב דאָ לגמרי ניט אריינגערעכנט קיין געשיכטע און געשיכטע־ווערק. די האָפענונגען וואָס מען לייגט אויף געשיכטע פון דער השכלה אָן האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר לגמרי ניט באַרעכטיקט. געשיכטע האָט ביז היינט ביי אונדז גאָרניט צוגעבראַכט צום סכום יידישע קולטור, סיידן א צוויי היסטאָרישע ראָמאַנען. מער ווי הונדערט יאָר געשיכטלעכע פאָרשונג האָבן קלאָר געמאַכט אָן א שיר פאַקטן, אָבער קיין געשיכטלעכע טעאָריע, קיין געשיכטלעכע אידעאָלאָגיע איז ניט געשאַפן געוואָרן לגמרי. איך באַנוגן זיך מיט דעם אָנגעוואָרפענעם פּלאַן, ניט ווייל איך האַלט אים פאַר ענדגילטיק, ריכטיק און מאָסגעביק. איך מיין בלויז, אז עס איז געגוג כדי קלאָר צו מאַכן דעם גאַנצן געדאַנק. און אז אָט דער ש״ס וועט פאַרווירקלעכט ווערן וועט ערשט זיין קלאָר וואָס איז יידישקייט און צו וואָס יידישע דערציונג דאַרף שטרעבן. דעמאָלט וועלן מיר וויסן אז מיר האָבן זיך איינגעקייטלט אין דער גאָלדענער קייט פון „משה קבל תורה ומסרה ליהושע ויהושע . . . אא״וו ביז צו אונדז וואָס האָבן זי איבערגעגעבן צו די ווייטערדיקע דורות. ערשט דעמאָלט וועט יידישע דערציונג זיין קלאָר און האָבן קלאָרע צילן און זי וועט מער ניט זיין אָנגעוויזן אויף דעם גוטן פאַרשטאַנד פון יעדן לערער. דע־מאָלט וועט דעם פאָלק ווידער געגעבן ווערן זיין תורה, די תורה שבעל פּה פון היינטיקן דור.

אזוי אַרום וועט דער עצם אָפּקלייב און די צוגרייטונג פאַרוואַנדלט אין א גרויסער פּרינציפּיעל־געזעלשאַפטלעכער קולטור־אַרבעט.

## דאָס פאַרשפּרייטן

דאָס פאַרשפּרייטן די נייע זאַמלונג אין פאָלק און די אָרגאַניזירונג פון איר באַנוץ איז א צווייטע גרויסע סאָציאַל־קולטורעלע אַרבעט. איך וויל דאָ אונטערשטרייכן, אז מען טאָר ניט זאָרגן סתם וועגן פאַרקויפן ביכער ווי מען טוט עס ביי אונדז אין אַמעריקע: קויפט מען שוין יאָ א יידישן בוך, קויפט מען אים לשם מצווה קויפן אין שאַפע אריין. דאָס איז א שעדלעכער

מנהג: ניט קויפן ביכער דארף מען, נאָר באַנוצן ביכער, לייענען, לערנען, ביחידות און בציבור. אָט דאָס דארף מען אָרגאַניזירן. וועט דאָס זיין, — וועט שוין במילא זיין אויך א פאַרשפּרייטונג פון בוך. איז דאָס טאַקע א גרויסע סאָציאַלע אויפגאַבע.

# די פאָנדן

און איצט קומען מיר צום לעצטן פּראָבלעם וואָס איז טעכניש דאָס ערשטע — שאַפן די נויטיקע פאָנדן צו אזא גרויסער אונטערנעמונג. דאָ דארף מען אויך איינשטעלן עטלעכע פּרינציפּן:

1) די גאַנצע ארבעט מוז זיין א פאָלקס זאַך. עס וואָלט אפשר געווען גרינגער צו געפינען עטלעכע מעצענאַטן וואָס זאָלן פינאַנסירן אזא ענין. אפשר, עוד לא אלמן ישראל. אָבער שטרעבן דארף מען צו אן אנדער וועג. "כל ישראל יש להם חלק" — מען דארף זיך פאַרמעסטן אז יעטווידער ייד אין דער וועלט זאָל זיך פילן אז אויך ער האָט א חלק אין דער גרויסער אונטערנעמונגען. דאָס קען געמאַכט ווערן אויף דעם וועג פון אקציעס. עס ווערן ארויסגעלאָזט צום פאַרקויף פינף הונדערט טויזנט אקציעס צו צוויי דאָלער איינע. די אקציעס דארפן פאַרשפּרייט ווערן צווישן אלע אָרגאַניזאַציעס איבער אלע לענדער ווו נאָר מעגלעך. די ארבעט דארף ליגן ניט אין די הענט פון איין אָרגאַניזאַציע. מען דארף פאַר דעם צוועק ניט בויען קיין ספּעציעלע אָרגאַניזאַציע עס איז אן ארבעט פאַרן גאַנצן פאָלק, פאַר אלע אָרגאַניזאַציעס, ריכטונגען, דארף מען פון דעם ניט מאַכן קיין מאָנאָפּאָלן. מען דארף זיך באַמיען צו קריגן אין יעטווידער אָרגאַניזאַציע איינעם אָדער עטלעכע קאָרעספּאָנדענטן, זאָרגער און די ארבעט דארף געטאָן ווערן דורך זיי. קיינע פּאָליטישע פּלאַטפאָרמעס דארפן קיינעם ניט אויסשליסן פון דער מעגלעכקייט צו קויפן אקציעס און דערמיט אנטייל צו נעמען אין דער פאָלקס זאַך. סיידן זיי שליסן זיך אליין אויס פון יידן און פון יידישער ארבעט. עס איז א גרויסע, גרויסע ארבעט אריינצוציען אלע יידישע שיכטן און קרייזן אין אזא ארבעט. צוליב פאַרשיידענע סיבות וועט די ערשטע צייט זיין שווער אריינצוציען די גרויסע פּרעסע אונדזערע אין דער באַוועגונג. די אמעריקאַנער אידן ניט געקוקט אויף די אומצאָליקע זייערע אָרגאַניזאַציעס, זיינען שוידערלעך ווייט פון זיין אָרגאַניזירט און עס וועט זיין אומגעהייער שווער צו צוקומען צו די אלע באַזונדערע, סעפּאַרירטע אָרגאַניזאַציעס, קערפּערשאַפטן. און ביי היינטיקן טאָג מוז כמעט די גאַנצע ארבעט געטאָן ווערן אין אמעריקע. מיט איין וואָרט — עס איז פאָרויסצוזען פאַרשיידענע שוועריקייטן. אָבער די אלע שוועריקייטן דארפן, פאַרשטייט זיך, ניט אָפּשרעקן. פאַרקערט — קען ביי א שטאַרקן און אָרגאַניזירטן ווילן שוין די ערשטע אָרבעט ביים פאַרשפּרייטן די אקציעס ווערן א גרויסע פאָלק־ארבעט, וואָס מוטיקט און סטימולירט דעם פאָלקס ווילן.

די ארבעט מוז איינגעטיילט ווערן אין פּעריאָדן. דער ערשטער פּעריאָד ציט זיך ביז עס ווערן פאַרשפּרייט א צענט חלק אקציעס. ביז דעם מאָמענט ווערט דערוויל קיין פּראַקטישע ארבעט ניט אונטערגענומען. דאָ

ווערן אלע מיטלען קאָנצענטרירט בלויז אויף דער פארשפרייטונג פון די אקציעס.

## וויסנשאפטלעכער ראט

ווערט די צאָל פארקויפטע אקציעס דערפירט ביז צו פופציק טויזנט, קען מען שוין צוטרעטן צו דער דאָזיקער ארבעט. עס ווערט באשטימט אז די מיטגלידער דארפן אומבאדינגט זיין האָנאָרירט פאר זייער ארבעט און דאָ ווען ווידער אָנוואקסן זייער פיל שוועריקייטן. עס איז ביי דער יידישער אינטעליגענץ ניטאָ צום באדויערן קיין פירנדיקע צענטראלע יידישע אידעע. אויב מען איז צעטיילט איז עס על פי רוב צוליב פאָליטיש־געזעלשאפטלעכע חלוקי דעות. זעלטן, גאָר זעלטן האָט איר דאָ צו טאָן מיט יידישע קולטור־אידעאָלאָגיעס. און אָן אזוינע איז זייער שווער צו קאָנען האָבן א ריכטיקן און איבערהויפט א געמיינזאמען קריטעריום פארן אָפּקלייב פון ווערק און מענטשן. ווען דאָ זיין גרויסע שוועריקייטן. פון לכתחילה קען מען זיי בלויז טיילווייז באוואָרענען. איך וואָלט צוליב דעם אָנגעמערקט עטלעכע פרינציפּן:

1) עס קענען אין וויסנשאפטלעכן ראט ניט אויסגעקליבן ווערן קיין פערזאָנען, וואָס זייערע אייגענע קינדער זיינען ניט דערצויגן געוואָרן אין איינע פון די צוויי יידישע שפּראכן, אזא איינער וואָס זיינען קינדערריידן צו אים אין א פרעמדער שפּראך. איך ווייס, ביי א סך וועט אזא פּרינציפּ ארויסרופן א שטארקע נעגאציע. — מען האָט זיך איינגערעדט אז אזוינע זאכן זיינען "פּריוואטע" און מען טאָר זיך געזעלשאפטלעך דערמיט ניט רעכענען. קלאר, אז דאָס איז א ליגן. א מענטש וואָס היט ניט אָפּ פּרי־וואט דאָס וואָס ער פּריידיקט געזעלשאפטלעך איז א ליגנער. און אזוינע קענען קיין קולטור ארבעט ניט טאָן. אויך די וויסנשאפטלעכע קוואליפיקאַ־ציעס פון א סך יידישע וויסנשאפטלער — און דוקא פון פּראָמינענטע וואָלט מען געדארפט שטעלן אונטער א ספק. א גרויסער טייל פון דער יידישער אינטעליגענץ און בתוכם אויך אונדזערע וויסנשאפטלער דענקען אלדאָס יידישעס ארויסגייענדיק פון ניט־יידישע נאָרמעס. לאָמיר ברענגען עטלעכע ביישפּילן: אז א ייד וויל אקצעפּטירן שלום עליכמען און אונטערשטרייכן זיין וואָגיקייט, וועט עס אייך זאָגן, אז ש"ע איז דער יידישער גאָגאָל, אָדער דער יידישער מארק טווען. די לעצטע צוויי זיינען נאָרמע. זייער וויכטיקייט און וואָגיקייט איז אויסער וואָסער עס איז ספק. ש"ע ווערט וואָגיק און וויכטיק אויף וויפל ער איז געגליכן צו די "נאָרמעס" (אין תוך אריין איז שלום עליכמס מהות גאָר פון אן אנדער מין ווי פון די צוויי). ביי טיפערע פּראָבלעמעס: ביי יידן איז פאראן א פּראָבלעם פון שפּראכן. זי איז א טייל פון א ספּעציפיש יידישן סאָציאל - פּסיכאָלאָגישן קאָמפּלעקס. עס איז דער דראנג פון יידן צו פרעמדס הן אין שפּראך, הן אין זיטן און מנה־גים. האָבן יידישע וויסנשאפטלער געשריבן "וויסנשאפטלעך" אויף דער טעמע, האָבן זיי די יידישע פּראָבלעם ניט אויפגענומען אנדערש ווי א קאָפּיע פון א צוויי־שפּראכן פּלאָבלעם, וואָס איז פאראן אין אייניקע לענדער, כאָטש עס איז אין תוך אריין ניטאָ קיין שום קרובהשאפט צווישן די צוויי וויסנ־

שאפטלעכע פּראָבלעמעס. און אז איינער וויל באווייזן די פּעדאגאָגישע גרויסקייט פון מהר"ל, מוז ער דאָס מאכן דורך א פארגלייך מיט . . . עמוס קאָמעניוס. אין ריידן און אין שרייבן באמערקט זיך אָט די מידה פון זוכן א ניט־יידישן אָנשפּאר תמיד אין דער פאָרמול: "שא, און ווי איז עס ביי אַנדערע פעלקער?" מיט דער פראזע הויבט אייך אָן תמיד א יידישער אינטעליגענט און אויף דעם וועג גייען אויך יידישע וויסנשאפטלער. און נעמען נעמט ער זיך, דער וועג, פון דעם אלגעמיינעם שטריך פון מאָדערנעם יידן, (פון דער השכלה אָן) נאָכצוטאָן, נאָכצומאכן אין מעשים, מנהגים, פירונגען און אין דענקען. קלאָר אז אזא ניט אָריגינעלער געדאנקען־גאנג קען ניט רעפּרעזענטירן די יידישע קולטור. דער סימן וואָלט באדארפט זיין: אלץ וואָס עס באמיט זיך אונטערצושטרייכן די יידישע אייגנטימלעכקייטן איז ריכטיק. אלץ וואָס באמיט זיך אָפּצואווישן די אייגנטימלעכקייט איז פאלש. דער כלל איז ניט קיין אבסאָלוטער. אָבער איצט, ביי אונדזער היינטיקער גייסטיקער איינשטעלונג, דארפן מיר אים אָנווענדן. בכלל וועגן די וועגן פון יידישער וויסנשאפט, אירע סאָציאלע, נאציאָנאלע און אידעיִשע צילן איז זייער פיל צו שרייבן און צו ריידן. דאָ האָב איך בלויז געוואָלט אָנגעבן א פּאָר ביישפּילן פון די פּראָבלעמעס, וואָס וועלן געוויס אויסוואקסן ביים באשטימען דעם וויסנשאפטלעכן ראט.

די ערשטע ארבעט פון וויסנשאפטלעכן ראט דארף זיין: 1) אָנצומערקן די אלגעמיינע ליניעס פון דער ארבעט, 2) באשטימען דעם סדר פאַר דער נאָענסטער צייט, 3) אָנמערקן די ווערק וואָס מען קען גלייך צוטרעטן ארויסצוגעבן.

## פּעריאָדישע אויסגאבע

אלע באשלוסן פון וויסנשאפטלעכן ראט דארפן אָנגענומען ווערן אויף עפנטלעכע בארטונגען. אזוינע סעסיעס דארפן פּאָרקומען ניט ווייניקער ווי צוויי מאָל אין יאָר. זיי דארפן זיין צוגעגרייט דורך א דיסקוסיע אין א ספּעציעלער פּעריאָדישער אויסגאבע. א חוץ דעם דארף דער וויסנשאפטלעכער ראט זיך באמיען צו אָרגאניזירן דאָס לערנען, — די פארשפּרייטונג אין אלע אָרגאניזאציעס, געזעלשאפטן, פארבאנדן און קרייזן. אינסטרוקציעס, אָנווייזונגען און אינפאָרמאציעס, טעזיסן צו לעקציעס און רעפעראטן וועלן צוליב דעם צוועק דארפן צעשיקט ווערן. אזוי ארום דארף די פּעריאָדישע אויסגאבע פון וויסנשאפטלעכן ראט טראָגן א טאָפּלטן כאראקטער: וויסנשאפטלעכע און אָרגאניזאציאָנעלע פראגעס צוזאמען. די ארבעט פון וויסנשאפטלעכן ראט דארף אין פּרינציפּ זיין א געצאָלטע. פארשטייט זיך, אז דאָס וועט קאָנען דורכגעפירט ווערן אין פולער מאָס בלויז ווען די גאנצע צאָל אקציעס וועט זיין פארקויפט און עס וועט זיין א שטענדיקער פאָנד. בכלל דארף ווערן געשטרעבט, אז דער ראט זאָל ביסלעכווייז ווערן ביי אונדזן היינט דאָס וואָס די ישיבות — אקאדעמיעס אין בבל. עס דארף ווערן דער גייסטיקער אויטאָריטעט.

# אדמיניסטראציע

א חוץ דעם וויסנשאפטלעכן ראט וועט דארפן אָרגאניזירט ווערן א אדמיניסטראטיווע אָנפירונג. אין דער אָנפירונג דארפן זיין פארטראָטן שטעט און לענדער, געזעלשאפטן וואָס האָבן פארשפרייט גרעסערע סכומים אקציעס אא״וו.

ווען עס שטעלט זיך די פראגע ווער עס וואָלט געוואָלט נעמען אויף זיך די איניציאטיווע פון אזא גראנדיעזער אונטערנעמונג, קומט פארשטייט זיך אויפן זינען גלייך — דער ייווא. דאָס וואָלט פון לכתחילה אויפגעהויבן דעם ייווא אין אמעריקע צו דער מדרגה פון א יבנה און פומבדיתא, ווו עס האָט זיך געשמידט ניט נאָר א תורה, נאָר דער גאנצער גייסט פון פאָלק, ווו עס האָבן זיך געזאמלט די גייסטיקע כוחות פארן פיזישן און גייסטיקן לעבן. דאָס איז אייגנטלעך דער גאנצער נאציאָנאלער זינען פון ייווא. דער ייווא וואָלט עס אויך געקענט באהויפטן. אָן דעם קען דער ייווא זיין בלויז א אינסטיטוט, א קאלעדזש,— מיט דעם קען ער ווערן א ״בית היוצר לנשמת האומה״.



